גאָלדפאַדענס טהעאַטר מאַגאַזין.

די

# באָבע

מיט דעם

# אייניקעל

מעלאָדראַמע אין 3 אַקטען מיט געזאַנג

פערפאַסט פֿאָן

## אברהם גאָלדפאַדען

(דיא מוזיק, דיא קאָסטיומען און דיא דעקאָראַציאָנען צוא דער פיעסע זעננען צוזאַמענגעשטעלט פון דעם פערפאַססער).

---

פערלאג י. לידסקי בוכהענדלער, ווארשא נאלעווקי 32.

ווארשא. תרס"ה.

דרוק: ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 38.

---

Еврейскій театръ Гольдфадена.

**БАБУШКА СО ВНУЧКОЮ**

Сочиненіе

Авраама Гольдфадена.

ВАРШАВА 1905.

Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки № 38.

גאלדפאדענס טהעאטער מאגאזין.

די
# באבע
מיט דעם
# איינעקיל

מעלאדראמע אין 3 אקטען מיט געזאנג

פערפאסט פאן

## אברהם גאלדפאדען

(דיא מוזיק, דיא קאסטיומען און דיא דעקאראציאנען צוא דער פיעסע זעננען צוזאמענגעשטעלט פון דעם פערפאססער).

---

פערלאג י. לידסקי בוכהענדלער, ווארשא נאלעווקי 32.

ווארשא. תרס"ה.

דרוק ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 38.

---

Еврейскій театръ Гольдфадена.

БАБУШКА СО ВНУЧКОЮ

Сочиненіе

Авраама Гольдфадена.

ВАРШАВА 1905.

Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки № 38.

נאכדרוק און צו שפּיעלען אויף דער ביהנע אהנע ערלויבניס פון דעם
מחבר איז פֿערבאטען . א. גאלדפאדען

---

ПЕРЕДОСТОРОЖЕНІЕ

Объ отвѣтственности по русскому, уголовному закону за перепечатаніе и представленіе пьесъ на сценѣ безъ согласія автора, опредѣленной въ § § 1683 и 1684 ст. уложен. о наказан.

Авторъ А. ГОЛЬДФАДЕНЪ

# פערזאנען

**באנציע.** איין אלטע יודנעע פֿון א יאהר 70

**אדעלע.** איהר איניקעל א יונג מיידעל פון א יאהר 18

**איגנאץ.** דער לעהרער אדעלעס געליבטער

**טוביה שמעיה.** דער שדכן

א קאהר פון ארץ ישראל יודען.

# ערשטער אקט

---

טוביה שמעיה (שטעהט נעבין טיש אונ לעשט אויס דיא הבדלה אין דעם בראנפין, ער טינקט איין זיינע מינדעסטע פינגער אונ רייבט זיך דיא אויגין — באנציע טהוט איהם דאס זעלבע נאך מיט א פרוממער מינע, טוביה שמעיה נעהט ארום איבערין ציממער אונ זינגט: אמר ה׳ ליעקב איין סטראפע אין לשון קודש אונ איין סטראפע אין יודישען)

**טוביה שמעיה** אַ גוטע וָואך, אַ גוּטֶע וָואך, בָּאנְצָיע! אַ מַזָלְדִיגֶע נָואך, אִיך אוּנ אוּנְז אַלְלֶע!

**באנציע** אַ גוּטֶע וָואך אַיך, אוּנ אוּנְז אַלְלֶע אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל.

**טוביה שמעיה** נָא באנציע, אִיך מוּז אַנְעק פָּאהְרִין קיין סאדוגערא מִכֹּחַ דֶעם שִׁדוּךְ פוּן אַיֶיער אֵיינִיקֶעל אדעלע, נִיט אִיהר מִיר דֶעם כֹּחַ הָרְשָׁאָה אַז אִיךְ מֶעג מִיךְ מִיט דֶעם מְחוּתָּן צוּנְפֶּערְשְׁטֶעהֶען, מִיר דַאכְט, אַז אִיהר וָועט נִיט שְׁטָעהְן אִין מֶעהר עֲטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ אַבִּי אֵיין עֶהְרְלִיךְ קִינְד פוּנְם רֶעבִּינְם מִשְׁפָּחָה.

**באנציע** יָאה, יָאה, ר׳ טוביה שמעיה, אִיהר מֶעגְט אַלְלְדִינְג

אָפְּמאַכִין אוּנְטֶער דיא אוינְן, וויא איך וָואלְט אַלֵיין דאַבּייא גֶעוועֶן. איהר זָענְט דָאך אַיין עֶהרְלִיכֶער יוד — איהר מָאנְט דָארְפְט אָפּ מאַכין דיא תְּנָאִים! —

**טוביה שמעיה** יָא, זייט זְשָׁע מִיר גֶעזוּנְד!

**באנציע** פָּאהרְט גֶעזוּנְד, מִיטֶען רֶעבְּמִין פוּס, דֶער אויבֶּערְשְׁטָער זָאלְל גֶעבִּין סְ'זָאלְל זַיין מִיט מַזָל אוּנ מִיט הַצְלָחָה! —

(טוביה שמעיה געהט אַוועק)

**באנציע** (אלליין) פָּאהרְט גֶעזוּנְד, אוי, אוי, דָאס אִיז אַיין עֶהרְלִיכֶער יוד, הַלְוַאי מַיינֶע אַיינִיקְלֶעך זָאלְלִין מִיר זַיין אַזוֹיא!

(זיא נעמט דעם טאָפּף אונ זעצט זיך פּליקען פֿעדערין)

**אדעלע** (קומט אריין מיט אביכיל אין דער האנד) אַ גוּטֶע נָאך דִיר בָּאבּוּנְיָא! —

**באנציע** אַ גוּטֶע נָאך דִיר, אדעלע! וְואוּ בִּיזְטוּ גֶעווֶעזֶען? ווָאלְסְטוּ גֶעהֶערְט הבדלה מַאכִין! — הָאסְט שׁוין גֶעזָאגְט גֶאטְט פוּן אַבְרָהָם? —

**אדעלע** אַי באבוּניא, וויא קוּמְט דָאס וָואס דוּא פְּלִיקֶסְט אויף דֶער פוּלֶער נָאך פֶּעדֶערִין?

**באנציע** אַ מִצְוָה זַאך, אדעלע. דָאס וָועט זַיין אָנְשִׁיטֶען צוּ בֶּעטְגֶעוַואנְד אויף דַיין חַתוּנָה, מַיין לִיבּ קִינְד, בַּיין חוּפָּה זָאלל אִיך דֶערְלֶעבִּין! —

**אדעלע** ווידֶער רֶעדְסְטוּ מִיר פוּן חַתוּנָה הָאבִּין? — ווייסְט דָאך וואויל אַז אִיך הָאבּ דָאס נִיט לִיבּ צוּ הֶערִין!

**באנציע** אַי אדעלע, אדעלע, זינְדִיג נִיט! וָוען דיר זָאלל זיך

חָלוֹמֶ'ן אַזוינָע חַלומות וַואס מִיר וָואלְסְטוּ אַנְדֶערְ'ש גֶערֶעדְט —
אַיין ,עֶרְלִיךְ קִינְד בּארְף מֶען זַיין!

הֶער אוים , מַיין קִינְד , סְ'אִיז דָאךְ נַארִי'ש חְלֶעבּין
דוּא מֶעגְסְט דִיר זַיין , וִויא זָאגְט מֶען : אַמָאמְוָעל נַאנִי פּ״ן
אוּנ פוּן וָואס דוּא ווִילְסְט דִיר נִיט הַאלְטֶען , נִיט גְלויבֶּען ,
אָבֶּער אויף דֶעם וֶועסְטוּ מִיר אַלֶיין מוֹדֶה זַיין ,
אַז פַאר אַ חָלוֹם הָאט מֶען זִיךְ טַאקִי צוּ שְׁרֶעקִין ,
עֶפֶּעס אַיין אֶמֶת מוּז דָאךְ דָארְט פָארְט שְׁטֶעקִין :
אָט וֶועל אִיךְ דִיר בַּאלְד דֶערְצֶעהְלִין , מַיין קִינְד ,
אִיךְ גִידֶענְק אִיהם נָאךְ וִויא אַצִינְד ,
אַחָלוֹם אַז אוֹי — וֶוען אִיךְ וִויל אִיהם בְּרֶענְגֶען פַארִין מויל
גֶעהט מִיר אִיבֶּער , אִיבֶּער דֶעם לֵייבּ אַזְשֶׁע אַגְרוּיל !

אִיךְ גִידֶענְק , דָאס אִיז נָאךְ כִּמְעַט אַזוֹיא וִויא הַיינְט
עֶרֶב פֶּסַח אִיז דָאס גִיוֶוען בַּייא נַאכְט 12 אַזֵייגֶער ,
אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶעם טָאג אָנְגֶעהָארֶעוֶועט , להבדיל וִויא אַ בּוֹיֶער ,
בִּין אִיךְ וִויא אַטוֹיטֶער צוּגֶעפַאלִין צוּ דֶעם גִילֶעגֶער ,
אִיךְ וֶוער אַנְטְשְׁלָאפִין גִישְׁמַאק — אוּנ מִיר חָלוֹמְט זִיךְ אַזוֹיא :
אִיךְ בִּין גִישְׁטָארְבִּין — אוּנ דֶער מלאךְ אִיז גִיקוּמֶען צוּ יָאגֶען
אוּנ הָאט מִיךְ אוֹיפִין הִימְמֶעל אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען ....
אִיךְ גִיבּ אַקוּק פַאר זִיךְ , אַ רֵיינֶער זוֹיבֶּערֶער טֵייךְ ...
אוּנ אַרוּם אִיהם שְׁטֶעהֶן בֵּייטְשְׁלֶעךְ אַ סַךְ
קוּרְצֶע , לַאנְגֶע , גְרָאבֶּע , אָנְגֶעטְהוּן אִין שְׁוַוארְצֶען ,
פְּלוּצְלוּנְג — אוֹי , סְ'הָאט מִיךְ פֶערְחַאפְּט בַּיים הַארְצֶען —
אִיז צוּ דֶער מלאךְ דומה מִיט אַווִילְד גֶעשְׁרֵייא ,
אוּנ הָאט אַוַוארִים גֶעטוּהְן דִיא קְלֵיידֶער פוּן זַייא

או ער האט זיא אַראפּ געריסען אין איינעם מיט דער הוים
אונ זייא זענען אללע געבּליבּען שטעהן רויט ....
דערנאך איז ער ווידער מיט זיין שווערד צו געלאפען
אונ דיא פּים אין קעפּ פון זייא אַראפּ גענומען
אונ ווי ער האט זייא אין טייך אַריינגעוואָרפען
זענען באלבעלעה פון אויווען ארויף געשווימען
עס האט ניט געדויערט קיין עטליכע מינוט
איז דער טייך רויט געוואָרין פון זאללע בלוט ...
איך פרעג דעם מלאך — וואס דאס בעטייט ?
דאס — ענטווערט ער — זענען דיא פערשייטע לייט !
וואס האבּין ניט געהאלטען פון יודישקייט
זייערע קעפּ זענען שטענדיג אָהן היטלען געוועזן
אונ זייערע פים פלעגען קיין מאהל אין שול אַריין ניט געהן !

נא, נא, זאג איך — רבש"ע אוודאי איז רעכט
דוא ביזט גערעכט, אונ דיין משפּט איז גערעכט ! —

איך קאספּעיע נאך ניט דאס אַרויס צו זאגען
איך גיב אַקוק — אוי, אדונע האט מיך דערשלאגען ! —
מאכט דיא איינענע ביימשלעך, זייא לעבען שוין ווידער,
נאר זייא ליגען אונ מ'ציהט זייא אוים דיא גלידער...
אונ וואס האט מיך נאך מעהר געוואונדערט אויף זייא,
וואס זייערע לייבער זיינען געוועזין טיים וויא שנייא
ארום זייא שטעהען אַ סך יודענעס אונ ווייבער
מיט איינערנע שפּיצעם שטעכין זייא, זייא דיא לייבער,

דאס — זאָגט דער מלאך — איז זייא דערפאַר געקומען
ווייל זייא האָבען נקבות בייא דיא הענד אָנגענומען!...

נאָ, נאָ, טראַכט איך — רבש״ע אודאי איז רעכט
דוא ביסט גירעכט, אונ דיין משפט איז גערעכט! —

עס האט נישט געדויערט אזויא וויא איך רייד דאָ מיט דיר
איך גיב אַקוק — אוי, אַ ווייטעג איז מיר! —
טאַקי דיא איינענע דייטשלעך שטעהען אַללע אוים געצוינגען
דיא מיילער אָפען — צו געמאַכט דיא אויגען
אונ דער איינענער מלאך קומט אַללע מאהל צו געהען
אונ וואַרפט יעדען אין טויל אַריין אַ צוגליהעטען שטיין,
אונ אין דיא בייכער האט געזאָטען — אונ וויא אַ חמאַרע
האט געזעצט פון דיא מיילער דיא געדיכטע פאַרע
ווייל זייא האָבען — זאָגט דער מלאך, פון גוטע יודען געשפעט
אונ האָבין מיט זייערע מיילער גוזל־פה גערעדט!" ....

נאָ, נאָ, טראַכט איך — רבש״ע אודאי איז רעכט
דוא ביסט גערעכט, אונ דיין משפט איז גערעכט! —

שטעה! זאָגט דער מלאך, ווערסט נאָך עפּים זעהען,
איידער איך וועל מיט דיר אין גן עדן אַריין געהען;
וועל איך דיר ווייזען נאָך אַשענערע זאַך
דוא זעהסט דאָרט אַ פייער קוק זעהע גלייך,
איך גיב אַ קוק — אַיין אויווען — טאַטע געטרייער,
אונ אין איהם האט געברענט אַ גיהנם פייער

אינווענדיג שטעהען טעפּלעך אללע צו גליהט
פארלעכווייז שטעהען זייא — און אין זייא זידט
דארט פרעגעלט זיך פון יונגע נשמהלעך דיא קעפּלעך
און נוארפען זיך, און קווימשען ארוים פון דיא טעפּלעך...
אט דיא פארלעך, זאגט דער מלאך, איז א זכר מים אנקבה
זייא זענען דוקא קיין מאן און וייב געווען
נאר ביים לעבען האבען זייא געהאט א טבע
צו שישקען זיך און סודען זיך קיינער זאל ניט זעהען!...

נא, נא, טראכט איך — רבש"ע אודאי איז רעכט
דוא ביסט גערעכט, און דיין משפט איז גערעכט! —

אצינד, זאגט דער מלאך, וועלין מיר אין גן עדן געהען
דארט וועסטו שוין פריילעבערע זאכען זעהען.
און וויא ער האט מיך פאר דער האנד געטהון א שלעפ
חאפ איך זיך אויף — מפּא צו מיינע ייזנאים׳ס קעפּ!
שטעהט דיא מאמע — און נעמט מיך צום שטראפען
פאר וואס איך בין זיך אזוי שפעט פערשלאפען
ווען אללע טייבעלעך זענען שוין אין שול פון לאנג. —
שטעלל דיר פאר, וויא מיר האט דאס געטהון באנג,
סטייטש, ווען דיא מאמע זאל נישט געוועזען קומען צו געהן
וואלט איך שוין לאנג אין גן עדן געוועזען,
נאר דערנוייל זעהן מיר ארויס אז דיא רשעים
ווערין טאקי אמת בעצאהלט פאר זייערע חטאים
און דיא פרומע קומען טאקי איבער בשלום
יא — טאקי נאר אין אמת בעווייזט דער חלום! ...—

**אדעלע** הֶער נָאר אוים, בּאבּוּניא, לָאמיר נָאר בַּאקְלֶערִין
אוּנ וִויא אַזוֹיא ס'וֶועט גְלַאבֶּער זַיין וֶועלִין מִיר הֶערִין
וַוייסֶען וַוייסְטוּ אַז אִין הַיינְטִיגֶער צַייט
זֶענֶען אויך דָא אַ סַך קְלוּגֶע לַייט,
אַ סִימָן הָאסְטוּ, אָז הָאבֶּען זַייא דֶערְקְלֶערְט
אַז אַנְוָואגֶען פָאהְרְט מִיט דַאמְפְּף אָהן פֶערְד,
אוּנ דֶעם טֶעלֶעגְרַאף! — אַז דוּרְך אַ דְרָאט
רֶעדְט פוּן דֶער וַואטֶענְס אַשְׁטָאט מִיט אַשְׁטָאט;
אַ טְהֵייל וַוייסֶען אוּנ קוּקֶען אויף דִיא שְׁטֶערֶען
אַזוֹינֶע מֶענְטְשִׁין מֶעגִין מִיר גְלוֹיבִּין אוּנ הֶערֶען
אַזוֹינֶע חֲכָמִים אוּנ אויך פוּן דֶער גְמָרָא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז ס'אִיז אַ סְבָרָא
אַז אַחָלוֹם אִיז — דָאס וָואס מְ'הָאט בַּאטָאג גֶעטְרַאכְט
שְׁטֶעלְט זִיך דָאס אֵיינֶענֶע פָאר בַּייא נַאכְט
פֶערְשְׁטֶעהט זִיך — נִיט אַזוֹי פּוּנְקְטְלִיך אַבִּיסֶעלֶע ווילְדֶער
נָאר מִיט דִיא אֵיינֶענֶע פַארְבֶּען, מִיט דִיא אֵייגֶענֶע בִּילְדֶער
אָט וֶועל אִיך דִיר בַּייזִין וֶועכְטוּ זֶעהן אַלֵיין,
דוּא זָאגְסְט, אַז דָאס אִיז ערב פסח גֶעוֶוען,
זֶעהר גוּט, נוּא גֶעדֶענְקְסְטוּ דֶעם טַייך,
וָואס אַרוּם אִיהם זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בַּייטְשְׁלֶעך אַסַך
קוּרְצֶע, לַאנְגֶע, גְרָאבֶּע, אִין שְׁוַוארְצֶע ווִיא דִיא טֶעפּ
אוּנ דֶער מלאך הָאט זַייא גֶעשְׁנִיטִין דִיא פִּיס אוּנ דִיא קֶעפּ
אוּנ הָאט פוּן זַייא אָבְּגֶערִיסֶען דִיא קְלֵיידֶער מִיט דֶער הוֹיט
אוּנ הָאט זַייא גֶעוָוארְפֶען אִין טַייך, עֶר אִיז גֶעוָוארִין
בְּלוּט רוֹיט
זֶעהר שֵׁיין, בּאבּוּניא, נאַ'ט נָאר אַקָארְשְׁט:

דער מלאך מיט דער שווערד דאס ביזטו אלליין,
בשעת דוא האסט געשטעלט דעם פסחדינגען בארשט
אונ פון דיא בארעקעס — דאס זענען דיא דייטשלעך
גענען .... —
האסטו דיא קעפלעך אונ דיא פיכלעך אפגעשניטען
אונ אז דוא האסט פון זייא אבגעשאבען דיא הויט
פלעגסטו זייא אין פעסיל וואסער איינשיטען
אונ דער בארשט איז אודאי געווארין בלוט רויט ....
אונ דאס וואס מיהאט מיט שפיצען געשטאכען דיא לייבער
דאס האבען מצות גערעדעלט ווייבער ....
אונ דיא טיילער מיט דיא שטיינער קענסטו שוין אלליין
פערשטעהן
אז דוא האסט געכשרט פעסלעך מיטין כשר שטיין
נור זעהסטו, באבוניא, אט פון דעם, פון יענעם! ....
פון דיא נשמה'לעך וואס האבען זיך געפרעגעלט אין גיהנום
זאללסט מיר אצינד חאטש איינס צו שטעלין פון יעדען
וואלט איך דיר יאה, אנגעווינשט דעם ליכטיגען גן עדן ...

**באנציע** חא! חא! דיא קוגעלעך מיינסטו? אה האסטו מיר גוט
פותר חלום געווען א דער פאר וואס דוא שפעטסט פון
חלומות וועל איך דיר שוין מעהר נישט דערצעהלען

**אדעלע** וואס דען באבע, היינט מוכטו וויסען איז אפראקטישער
וועלט, ווען יעדער זאלל זיך וועלין צו הערין וואס עס
גערעט פאר אין דער ווירקליכקייט, וואלט מען געזעהן
אז דאס איז נאך שענער אונ אינטערעסאנטער פון דיא
חלומות — אט זעהסטו, באבוניא, איך האב דיר גוט

פּותר חלום גֶעווֶעזֶן — אַנָא פְּרִיוו מִיר נָאר עֶנְטְוָוערִין אויף דֶעם וָואס אִיךְ וָועל דִיר פְרֶעגִין — וָועהסְטוּ באבוניא, דוּא ווילְסְט מִיט מִיר טְהוּן אַ שִׁדוּךְ פוּן ווייטֶען, וָואס וַישְׁט דוּא, גַישְׁט אִיךְ קֶענֶען דֶעם חָתָן, אוּנ נִישְׁט דֶער חָתָן קֶען דִיךְ אוּנ מִיךְ — פְרֶעג אִיךְ דִיךְ קֶענְן אִיךְ מִיךְ פֶערְבִּינְדֶען מִיט אַ מֶענְשִׁין וָואס אִיךְ וַויים נִיט וָואס פַאר אַ מֶענְשׁ עֶר אִיז? וָואס פאר אַ פָּנִים, אַחאַרַאקְטֶער עֶר הָאט?

**באנציע** וָואס טויג מִיר זַיין פָּנִים, מֶענְשׁ, שְׁמֶענְשׁ, שְׁכַּרַאקְטֶער, גֶענוּג אִיז צוּ ווִיסֶען אַז עֶר אִיז אֵיין עֶהְרְלִיךְ קִינְד, אוּנ קֶען לֶערְנֶען, אוּנ אִיז פוּנ'ם רַבִּינ'ס מִשְׁפָּחָה אַלֵיין אַ דָאס אִיז גֶענוּג פַאר מִיר! —

**אדעלע** פַאר דִיר אִיז גֶענוּג! — וָואס הֵייסְט פַאר דִיר? דוּא בַארְפְסְט דֶען מִיט אִיהם לֶעבִּין? — אִיךְ דַארְף מִיט אִיהם אָפְּפִיהְרֶען מַיין וָועלְט, דארְף אִיךְ זֶעהְן עֶר זָאל זַיין גוּט פַאר מִיר! —

**באנציע** הֶערְסְטוּ וָואס דֶען זָאג אִיךְ דִיר — אַז אַזַא אֵיין עֶהְרְלִיךְ קִינְד וֶועט זַיין גוּט אִי פַאר דִיר אִי פַאר מִיר — דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַחָשׁוּב בָּחוּרִיל וָואס אַלֶע ווייבֶּער וָועלִין דִיךְ מקנא זַיין, אוּנ אִיךְ וֶועל דֶערְפַאר הָאבֶּען דֶעם לִיכְטִיגֶען גן עדן אויף יֶענֶער וָועלְט, עֶר וֶועט זָאגִין נָאךְ מִיר קדיש, עֶר וֶועט לֶערְנֶען פַאר מִיר אַ פֶּרֶק משניות! —

**אדעלע** אַזויא באבוניא! אַבִּי דוּא בַּאוָוארֶענְסְט זִיךְ דִיר זָאל זַיין גוּט אויף יֶענֶער וָועלְט, זָאלְסְט הָאבִּין דֶעם לֶעכְטִיגֶען

ט עדן, אונ מיך ווילסטו גאר ניט בעוואָרענען, אז איך וועל דערוויייל אויף דער וועלט האבין דעם גהינום — דוא האסט אפילו רעכט וואס דוא ווילסט דיר באוואָרענען יענע וועלט, וייל דוא ביסט שוין אלט, שטעהסט שוין מיט איין פוס אויף יענער וועלט, אונ איך בין ערשט ארויף מיט איין פוס אויף דער וועלט, איך וויל נאך לעבין באבוניא! —

**באנציע** אי ארדעלע — זינדיג ניט ארדעלע דוא זעהסט אז זייט דוא האסט זיך אנגעהויבען צו פיהרען אויף דייטשערשע גענג אונ ריידען אזוינע זאכין וואס מען טאר ניט, האלט זיך ביא אונז אין שטוב א נישט גוטער ער קלאפט ביא נאכט אונ רייסט אפ דיא מזוזות, מיר דאכט אז מאיר בעל נס פישקע האט ער אויך אוועק גענאנוועט אונ דוא אליין רעדסט פינם שלאף — זינדיג ניט ארדעלע! מהו וואס עלטערע מענטשין הייסין דיר, דערפאר אז גאטט וועט העלפין איך וועל דיר בשלום חתונה מאכין וועלען מיר אלע פאהרין קיין ארץ ישראל — זעסטו נישט וועלין — וועל איך אליין פאהרין כדי מיינע ביינער זאלין זיך ניט דארפין קאטשען אז משיח וועט קומען. —

**ארדעלע** זעהסטו באבוניא, אונ איך וואלט בעסער געוואלט פאהרען קיין פאריז,

**באנציע** וואס איז דאס? —

**ארדעלע** אויך משוגענע שטאדט!

**באנציִע** אויךְ וויא ארץ ישראל ? — דָארְט איז אויךְ דָא דָאס בית המקדש ! מִיט דֶער מערת המכפלה, מִיט ר' מאיר בעל נס פִּישְקֶעס קֶבֶר ?

**אדעלע** וֶועהסְטוּ באבוניא דיךְ צִיהט אַלֶץ צוּ זֶעהן קברים, אוּנ מִיךְ צִיהט צוּ זֶעהן לֶעבֶּענְדִיגֶע מֶענְשֶׁען ! —

**באנציִע** וָואס מִיר מֶענְשֶׁען ! — וָואס דֶערְצֶעהלְסְטוּ מִיר אַלֶץ פוּן זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען ? — דָאס אִיז אויךְ מֶענְשֶׁען ? לְמָשָׁל אַזוי וִויא דֶער לֶעהֶרֶער וָואס קוּמְט צוּ דִיר ! — דָאס רִיפְסְטוּ אויךְ אַן מֶענְשֶׁען ? — אַזא חַיָה דַארְף מֶען נָאר הָאבֶּען פַאר אַ נוּיט הלוואי זָאל מֶען עָס נִיט דַארְפִין — וֶוייס אִיךְ אַמָאהל דַארְף מֶען אַ בְּרִיוָועלֶע אִיבֶּער לֵייעֶנֶען פוּן אַ פְּרִיץ אַ וֶועקְסִיל שְׁרַייבִּין — אָבֶּער וַוייטֶער הֵייסְט דָאס אַמֶענְטְשׁ ? — מֶענְשֶׁען הֵייסִין עֶהרְלִיכֶע יוּדֶען אָט אַזויא וִויא מַיין ר' טוביה שמעיה, אֵיין עֶהְרְלִיכֶער יוּד מִיט אַ גְרָאוֶוער בָּארְד אוּנ הִיט אָב אַלֶע תרי"ג מצות פוּן דֶער תּוֹרָה. —

(דער לעהרער קומט אריין אונ ווינקט צו אדעלען פון ווייטינס אקוש)

נוּט נַאוֶוענְט בּאבּוּניא !

**באנציִע** נַאוֶועט, נַאוֶועט, גֶעהט גֶעהט

(אדעלע מיט דעם לעהרער זעצין זיך אנידער נעבין אטיש אונ קוקן אריין אין א בוך, ארעלע רופט זיך שטיל אן צום לעהרער)

וָואס זָאגְסְטוּ איגנאץ דֶער צוּ, דיא באבע הָאט שוין אַוֶועק גֶעשִׁיקְט דֶעם אַלְטִין קַיין סאדיגורא מִיט מִיר אַ שִׁידוּךְ צוּ טָאהן.

**דער לעהרער** מאַך זיך נים דערווים, זאָרג נים, דוא פֿערלאָז דיך נאָר אויף מיר איך וועל שוין געלדינג אָפּאַרבייטען וויא ס'דאַרף צו זיין.

**באַנציע** פֿערטיגט אין דיא פֿעדערן פֿליקען) חלעבין עם קאַסט מיך אַזויא פֿיל מיין אדעלע זאָל קענען, ווייס איך, וויא זאָגט מען עס, דייטשערייש צו פֿראַנצעזעריש, הלוואי זאָל מען עס נישט דאַרפֿען, נאָר אין היינטיגער וועלט מוז מען דאָך האָבען – לאָם איך חאָטש וויסען צו קען זיא עפעס, רעט ביידע הויך אונ נים מיר מאַכי דאָס צו פֿאַרשטעהן אין יודעשען !

**אדעלע** שיין – (צום לעהרער) אַלזאָ ניבט, עס נאָך איין אויסנאַהנג פֿאָן דיעזער קריטעשען לאַגע ?

**דער לעהרער** אָהנע צווייפֿיל ! – שענק מיר נור דאָס פֿאָללע צוטרויען אונד איך ווערדע שאָן דיא זאַכע אין דער אָרדנונג ברינגען,

**באַנציע** וואָס הייסט דאָס אין יודעשען ?

**אדעלע** ס'הייסט אַז אַנדערש קען מען נים זיין קיין ערהרליכער יוד, ביז מיהיט נישט אָפּ אַללע תרי"ג מצות פֿון דער תורה, –

**באַנציע** (פֿריילעך) אַ דאָס שטעהט אויך אין איערע ביכלעך ? זעהער שעהן – לאַנג לעבען זאָלסטו, נאַ, נאַ, רעד ווייטער.

**דער לעהרער** אָבֶער וועֶר זָאלל אײַנְגעֶנְטְלִיךְ זיין בְּרוּטְי־
נאם זיין ?

**אדעלע** גֶעוּוִים אַיין פַּאנַאמִיקֶער א....

**באנציע** וָואס זָאגְסְטוּ, עֶפִּים אַ נַאקֶעטֶער

**אדעלע** ס'קוּמְט דָא פָאר אִין שְׁמִיעֶס אַז דֶער מֶענְטְשׁ וָואס מְהוּט
זִיךְ אוּים פוּן אַלֶע מצוות פוּן דֶער תורה אִיז גֶעגְלִיכֶען
צו־נ־ אַמֶענְשִׁין וָואס אִיז נַאקֶעט אָן קְלֵיידֶער.

**באנציע** אַ דָאס שְׁטֶעהְט אוּיךְ אִין דִיא בִּיכְלֶעךְ ? — לַאנְג לֶעבֶּין
זָאלְסְטוּ — נָא נָא רֶעט ווייטֶער !

**דער לעהרער** דָאס אִיזְט וִוירְקְלִיךְ קוּרְיָאז זָאגַאר לֶע־
בֶערְלִיךְ !

**אדעלע** פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ ! — גֶעווִים אִיזְט עֶס אַיין דוּמֶער קֶערִיל !

**באנציע** זֶעהְסְטוּ אדעלע, אַ דָאס הָאבּ אִיךְ שוין אוּיךְ אַבִּיסֶעלֶע
פַארְשְׁטַאנֶען, דוּא זָאגְסְט עֶס קֶערְלִיךְ דָאס פַארְשְׁטֶעה
אִיךְ אוּיךְ, אַז דֶער צִימִיס זָאל זַיין כָּשֶׁר נֶעם אִיךְ
שְׁטֶענְדִיג אַרוּים פוּן דִיא פְלָאמֶען דִיא קֶערְלִיךְ,
נָאר דָאס וָואס עֶר זָאגְט עֶפִּים לֶעכְלֶעךְ פַארְשְׁטֶעה אִיךְ
נִיט — נָאךְ וָואס טוֹיגִין אִיהם דִיא לֶעכְלֶעךְ ?

**אדעלע** אָט אַזוֹיא באבוניא, צוּ בִּיסְלֶעךְ צוּ בִּיסְלֶעךְ וֶועסְטוּ
זִיךְ אוּיךְ אוּים לֶערְנִין צוּ פַארְשְׁטֶעהן נֶעבִּין מִיר.

**באנציע** גָאטט זָאלל מִיךְ הִיטֶען, אִיךְ בִּין שוין אַיין אַלְט מֶענְשׁ.
אִיךְ בּארְף נִיט הָאבִּין דַיינֶע לשונות.

**אדעלע** װער שְׁטוּסְט באַבוניא זָאלְסְט נָאךְ הֶערִין אַלידיל אויף דָעם לָשׁון װָאלְט דיר אוודאי גֶעפֶעלִין ,

**באַנציע** נָא נָא פון מַיינֶעט װֶעגִין לָאמִיר הֶערִין – װֶעקְט עֶס מִיר אָבֶער גֶעבִין צו פַאר שְׁטֶעהן אִין יודישֶׁען ?

**אדעלע** יָא באַבוניא ! – אַנָא הֶערד לֶעהרֶער זִינְגְט נָאר

(דער לעהרער נעממט אדעלען אן פאר דער האנד אונ זינגט צו איהר וועהרענד באַנציע איז פאר טיעפט אין דיא פערדרין פליקען)

נָוען דוּא מִיךְ לִיבְּסְט זָא זֶעהר וִויא אִיךְ דִיךְ לִיעבֶּע
זָא וַוייכְט פָאן מִיר דֶער אוּנְגֶעווִיסְהֵייט שְׁמֶערְץ
נָוען דוּא מִיךְ לָאנְסְט מִיט גְלַייכֶעם טְרִיעבֶּע ,
זָא שְׁטְרַאהלְט דִיא מָארְגֶענְרֶעהטֶע אִין מַיין וַוייכֶעם הֶערְץ

א. ג. ה.

**באַנציע** נָא פְרֶעג אִיךְ דִיךְ אדעלע ! – הָאט עֶס אַפִילוּ אַ יוּדִישֶׁען טַעַם ? – אַז טוביה שמעיה הָאט מִיר גֶעזוּנְגֶען המבדיל אָדֶער אמר ד׳ ליעקב אִיז דָאךְ מִיר מַאקִי צוּ גַאנְגֶען אִין אִיבְּלִיכָעם אֵבֶר !

**אדעלע** װייסְטוּ פַאר וָואס דיר גֶעפֶעלְט עֶס נִיט ? ווייל דוּא פַאר שְׁטֶעהְסְט עֶס נִיט – זָאלְסְט אָבֶער וִויסֶען וָואס דָאס בַּאטַייט וָואלְסְטוּ אוּנְגֶעטַייעֶט !

**באַנציע** נָא אַדְרַבָּא וָאס בַּאטַייט עֶס ?

**אדעלע** אָט הֶער (זיא זינגט)

נָען מִיר זַאלִין נָאר בַּיים אֵייבֶּערְשְׁטָען וָוערְט זיין
וויא אונְזֶערֶע אבות אבותינו פון אַ מָאהל
וָוען מִיר זָאלִין זיין פְרום אונ עֶהרְלִיךְ אונ פיין
וָואלְטִין מִיר זוכה גְיוָוען צו זַיין אִין ארץ ישראל !

**באנציע** וָואס רֶעדְסְטוּ ? אַ דָאס שְׁטֶעהט אויךְ אִין דִיא בִּיכְלֶעךְ —
זֶעהסְטוּ דֶער פַאר הָאבּ אִיךְ דִיךְ טַאקִי לִיעבּ , קוּם
אַ הֶער אדעלע לָאמִיךְ דיר גִיבֶּען אַקוּש , אַצִינְד
בִּיסְטוּ וֶוערְט ,

(אין דער זעלבין צייט איז דער לעהרער אונטער גילאָפִּין אונ האט זיך איינגיבויגין צו זאָגין באָנצען אַ גוטע נאכט , באָנציע מיינט אָרום צו חאפין אָדעלען , אונ האט אָרום געהאַפּט דעם לעהרער אונ אַקוש געטאָהן)

**באנציע** (דערשראקין) טְפָא טְפָא ! וָועה אִיז מִיר וָואס הָאבּ אִיךְ
גֶעטוהן , טְפָא , טְפָא !

(זיא רייבט זיך דאָה מויל)

וָועה אִיז מִיר , אדעלע גִיבּ אַהֶער גִיבֶער אַגְלָאז וַואסֶער
לָאמִיךְ אוים שְׁוֶוענְקִין דָאס מויל

(אָדעלע געהט אוועק נאך א גלאז וואסער אונ לאכט) טְפָא , טְפָא

**טוביה שמעיה** (קומט אן) מזל טוב אַייךְ באנציע ,

**באנציע** (שפייעט אפ טוביה שמעיה'ס באָרד) טְפָא טְפָא ! וָועה
אִיז מִיר ! —

**טוביה שמעיה** אין אגוטער שָׁעָה אין אמוֹלְדינֶער ,

**באנציע** טְפָּא , טְפָּא ! מזל טוב מִיט מַזָל זָאלְט איהר לֶעבֶּען ,
טְפָּא , טְפָּא ! וַויא אזויא איז דָאס צו גֶעגאנגֶען — וָועה
איז מִיר ! —

**טוביה שמעיה** וָואס הַייסְט ! — בַּייא מִיר וָועט צו גֶעהְן
שְׁוָוער — פַארְגֶעסְט נִיט אַז אִיךְ הָאבּ אַלֵיין
גֶערֶעדְט מִיט דָעם רֶעבִּין , —

**באנציע** אַלֵיין מִיט דָעם רֶעבִּין — טְפָּא , טְפָּא ! וָועה אִיז מִיר ,

**טוביה שמעיה** אונ הָאבּ איהם טַאקֶי גֶעגֶעבִּין צו פֶערְשְׁטֶעהְן
דִיא אֵייגֶענֶע זַאךְ — אִיךְ זָאג אִיהם רבי ! אִיהר
דַארְפְט נִיט פַארְגֶעסִין אַז באנציע אִיז אויךְ פוּן אַשֶׁעהְנֶער
משפחה גָאלֶע עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען , חֲסִידִים

**באנציע** טְפָּא , טְפָּא !

**טוביה שמעיה** בְּכֵן דַארְף מֶען נִישְׁט שְׁטֶעהְן , מֶעהר וָועניגֶער
עָטְלִיכֶע קֶערְבְּלֶעךְ , נָאר באנציע אַ חָתָנְדִיל הָאט
אִיהר נָאר בְּלוּט אונ מִילְךְ , אַ יוּנְגֶעלֶע , נָאר פאר דֶעם
קֵייסֶער צוּ שְׁטֶעלִין , פִיל מִיט יראת שמים מִיט תּוֹרָה , —

**באנציע** וָואס זָאגְט אִיהר ? טְפָּא , טְפָּא !

**טוביה שמעיה** אִיךְ הָאבּ אַלֵיין גֶעהַאט מִיט אִיהם אַ פלפול ,
אִיהר מֶעגְט עָם אוים הֶערִין מִיר הָאבִּין זִיךְ
גֶעשְׁפַּארְט אִיבֶּער אַ שְׁטִיקְעל מהרש״א הָאבּ אִיךְ אִיהם
גֶעפְרֶעגְט קְשַׁייטְשׁ משמשע סבן , הָאט עֶר מִיר גִיגֶעבֶּען

מכינטי, מכעיסי, הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרַעגְט, סְטַייטְשׁ היתכן בגרטין יבקליפען, הָאט עֶר מִיר גֶעֶנְטְוָוערְט, מיקירינע מיפאצערינע, אַזוֹיא לַאנְג אַזוֹיא בְּרֵייט בִּיז אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁטַאנֶען אַז עֶר פַאר שְׁטֶעהט! אוודאי וָועט אִיהר גְלִיקְלִיךְ אַז אִיהר נֶעמְט אָבֵּיין אִין שָׁטוּב צוּ־נ־ אייך אַזאַ עֶהרְלִיךְ קִינְד! —

**באנציע** מְפָא מְפָא! אוֹיף וָוען הָאט אִיהר אָפְּגֶעלֶעגְט דִיא חַתוּנָה? —

**טוביה שמעיה** אוֹיף שבת בראשית!

**באנציע** מְפָא, מְפָא! —

**טוביה שמעיה** וָואס? סְ׳גֶעפֶעלְט אַייךְ נִיט, אִיהר אַלֵיין הָאט זִיךְ מִיר גֶעהֵייסִין אַזוֹיא טוּהן? — וָואס זָשֶׁע שְׁפַּייֶעט אִיהר?

**באנציע** הי ר׳ טוביהנא, זָאלְט אִיהר מִיר מאריךְ ימים ושנים זיין, אִיךְ הָאבּ אַייךְ עֶפִּים גֶעוָואלְט בֶּעטִין — אִיהר וָועט זִיךְ אוודאי נָאךְ זיין בַּיים רבין זָאלְט אִיהר אִיהם מְפָא, מְפָא, בֶּעטִין עֶר זָאל מִיר אַרוֹים גֶעבִּין אַ תשובה — חָלֶעבִּין אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג אִיךְ זָאל; אַזוֹיא רֵיין זיין פוּן צֶער וְויא אִיךְ בִּין רֵיין אַפִּילוּ פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶער מחשבה — אִיךְ הָאבּ דָא פְּרִיר גֶעוָואלְט מַיין אֵיינִיקֶעל ארעלען אַ קוּשׁ מְהוּז אִיז אוּנְטֶער גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אָט דֶער — מְפָא, מְפָא! הלוואי זָאל מֶען עֶם נִישְׁט בַּאדַארְפִין אָט דָער לֶעהרֶער — נָא נָא אוּנ וְויא אִיךְ הָאבּ גִיעֶפִינְט דָאס טויל אִיז מיר דֶער גַאנְצֶער לֶעהרֶער אַריין אִין טויל אַריין

טַפָּא, טַפָּא! װָעה איז מיר, נָא איהר װעט עס מיר
צו לֶיעֶב טָאחן, איהר װעגט דָאךְ אַיין עהרְלִיכֶער יוד,
טַפָּא, טַפָּא! —

**טוביה שמעיה** עס איז אַקְלֵיינִיגְקֵייט! — מַחְשָׁבִיתִין — װיא איז
איז דיא כַּלָּה אדעלע?

(אדעלע קומט אריין מיט א גלאז װאסער אין דער האנד)
נָא באבוניא דיר װַאסֶער,

**טוביה שמעיה** װָאס מיר װַאסֶער — בְּרָאנְפֶּען מיט לֶעקִיךְ! מַזָל
טוֹב דיר, כַּלָּה לֶעבִין, גָאטט זָאלל גֶעבֶען
דוּא זָאלְסְט ......

**אדעלע** װָאס איז דָא װָאס איז?

**באנציע** מזל טוב דיר, בִּיזְט צוּ מַזָל אַכַּלָּה גֶעװָארִין,

**אדעלע** אַי (און פאלט אין אונמאכט)

**טוביה שמעיה** אַדָאס איז אַיוּדֶענֶע קיין שִׂמְחָה זָאגְט מֶען נִישְׁט
אָן מִיט אַמָאהל!

**באנציע** אדעלע, װָעה איז מיר.

(זיא פאלט אויף איהר מיט דעם פארטיך זיא צו ראטיװען)

ענדע ערשטער אקט

## צווייטער אקט

(א גרויס צימער איבערגעטהיילט אין צוויען מיט שפאנישע ווענטליך, איין העלפט שטעלט פאר א שלאף־צימער, אָדעלע ליגט אָנגעשפאַרט אויף א קאנאפּע טרויעריג — די אַנדערע העלפט שטעלט פאר באַנציעס צימער אויף א טישיל ליגט א גרויסער טייטש חומש א בריל א פּישקעלע טאבאקע און א בינטיל פּאַפּיערן צו לייגען די קנייטלעך):

**אדעלע** (אליין) שלעכט פאר מיר, שלעכט! זייט די באבע האט נאך אריין גענומען אין שטוב אריין איהר געליבטען טוביה שמעיהן איז מיר נאך ערגער געווארין, דא האבין זיך גענומען אויף מיין לעבין צווייא אַלטע נערנים, שלעכטע, דעספאטען, עגאיסטען, וואס האבען נאר ליב זייער אייגען נפש, און דאס אַנדערע נפש, איבער הויפט א יונגס האט ביי זייא גאר קיין ווערט זייא ווילען מיך נישט פארשטעהן, די באבע וויל מיך פארקויפין צו ליעב איהר גן־עדן און ר׳ טוביה שמעיה צו ליעב זיין שדכנות און אטרונק בראנפין, וואס טהוט מען? אין האפנונג איז מיר געבליבען אויף מיין איגנאצין, אויף מיין פיל געליבטען איגנאץ, וועט ער מיך ניט ארויס

באַטוועט פון דעם גהינם איז מיין לעבען גאר ניט װערט!
נאר איך גלייב מיר נישט אויף איהם איך ווייס אַז ער
האט מיך זעהר, זעהער ליעב, אונ ער װעט אַללע
מעגליכקייטען אַנװענדען איך זאל זיין אונ בלייבען זיינע,
אָט האב איך עבען פון איהם אַ בריף ערהאלטען לאָם
איך זעהן װאָס שרייבט ער מיר

(זיא נעמט פינים מישעל דעם בריעף אונ עפינט איהם —
אין דער זעלבען צייט קומט אריין באַנציע מיט אַ װייביל אין דער
אנדערען זייט)

**באַנציע** װאָרט װאַרט אוים אַביסעל װייבעל, מיר האבען נאך
צייט לאַמיך פריר אָפּזאָגען ויתן לך, אונ דערנאך װעל
איך אייך לייגען קנייטליך — אַי, אַי, אַי, אַז ס'קומט
דער ערב יום כפור האב איך גאר קיין רוה פון דיא
װייבער—נאר צו באנציען לויפען זייא קנייטלעך לייגען,
קיין אַנדערע קענען זייא גאר ניט — יאָה, יאָה, זעהער
דערבט נאר קיין מאַנץ געהט ניט פאר קיין עסין —
באנציע איהר ויתן לך טאר ניט פעהלען,

(זיא טהוט אַקוש דעם „צאנה וראנה" אונ עפינט איהם, דאס
װייבעל געהט דערװייל ארוים)

**אדעלע** אין איין זייט צימער לייענט דאס בריעלע
מיינע מיר זא טהייערע אדעלע (פאר זיך) יאָה. איך דיינע
טהייערע!

**באַנציע** אין דעם אנדערין עק צימער לייענט
והנחש היה ערום אונ דיא שלאַנג איז געװעזין קלוגער

פון אַלֶע בֵּיימֶער פוּנ'ם גָארְטִין, הָאט זִיא פַארְשְׁטַאנֶען
אַז זִיא אִיז נַאקֶעט הָאט זִיא זִיךְ אַ'יף גֶענֶעהם פייגֶענ־
בְּלֶעטֶער, אוּנ הָאט גִינֶעבִּין צוּ'נְ'אִיהר מַאן, עֶר זָאלל
אויךְ עֶסִין פוּנ'ם עֵץ הַדַעת

(וִיא פַארהיסט זיך)

**אדעלע** לייענט הייטער דאס בריוועלע

אִיךְ הָאפֶע, דָאס קְוֶועהלִין ווִירְסְט דוּא נִיכְט לֶענְגֶער
מַיין, פָאן דֶעם פְּפַייֶלֶען דיינֶער לִיעֶבֶּע זָא טִיעֶף פֶערְוָואוּנ־
דֶעטֶעם הֶערְץ (פאר זיך) טִיעֶף פֶערְוָואוּנְדֶעטֶעם הֶערְץ!

**באנציע** לייענט ווייטער אין סידור

פוּן אִינְוֶוענִיג מִיט פֶּעךְ אוּנ פוּן דְרוֹיסִינְוֶוענִיג מִיט סְמָאלֶע,
אוּנ דִיא טְהִיר פוּן דֶער תֵיבָה זָאלְסְטוּ טְהוּן אִין דֶער
זַייט, הָאט נח גֶעפְלַאנְצְט אַ וַויין גָארְטִין אִין דֶער מערת
המכפלה, כחם היום, אַז דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער הָאט אַרוֹיס
גֶעצְוִיגִין דִיא זוּן פוּן אִיהר פִּיטֶערְפַּאס. —

**אדעלע** לייענט ווייטער דאס בריוועלע

דִיא שִׁיקְזַאל שְׁטוּנְדֶע הָאט גִישְׁלָאגִין, עֶס אִיז דִיא
הֶעכְסְטֶע צַייט צוּ פְלִיהֶען, (פאר זיך) אַךְ צוּ פְלִיהֶען! —

**באנציע** לייענט ווייטער אין סידור

ויצא יעקב מבאר שבע וילךְ חרנה, אוּנ יעקב אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען פוּן חרן אוּנ אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין גרר, הָאט זִיךְ
אִיהם גֶעחָלוֹמְט ווִיא דִיא מַלְאָכִים נִידֶערִין אַרוֹיף אוּנ
אוּנ אַרָאפּ אוּנ זַיין שְׁפִּיץ הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז אִין הִימֶעל.

הָאט זִיךְ לוּט׳ס נֵייבּ אוּמְגֶעקוּקְט אִיז גִיוָואַרִין פוּן אִיהר
אַ טָאלְפֶּען זַאלְץ דֶער טָארִין פַאר דִיא יוּדֶען גִישְׁט עָסִין
פוּנֵם שְׁפְּרִינְג אָדֶער, —

**אדעלע** (לייענט דאס בריוועלע ווייטער)
יַא אדעלע מַיינֶע טְהַייעֶרֶע! דִיא לִיבֶּע הָאט גֶעזִיגְט דֶער
קַאמְפְּף אִין מַיינֶע אִינֶערִין אִיסְט בֶּעעֶנְדֶעט, (פאר זיך) דֶער
קַאמְפְּף אִין זַיינֶע אִינְנֶערִין! —

**באנציע** (לייענט ווייטער)
וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֵייט ויתרוצצו — אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ
גֶעשְׁטוּיסִין דִיא קִינְדֶער בקרבה אִין אִיהר בּוֹיךְ, אִיז זַיא
גִיגַאנְגֶען פָּארְשִׁין בַּייא שם ועבר, הָאט אִיהם דֶער אֵייבִּיל
צוּ גִיקְוֶועטְשְׁט דֶעם פוּס צוּ דֶער וַואנְד, אִיז אַרוֹיס פרץ
מִיט זרח׳ן, אֵיינֶער אִיז אַרוֹיס גֶאלְלֶע מִיט הָאר, הָאט
מֶען אִיהם גֶעטָאהן אַרוּם בִּינְדֶען מִיט דֶעם רוֹיטִין פָּאדִים,
אוּנ דֶעם אַנְדֶערִין הָאט מֶען אַוֶועק גֶעשִׁיקְט לָאעֲזָאזֵל.

**אדעלע** (לייענט ווייטער)
יַא אדעלע מַיינֶע טְהַייעֶרֶע! דַיין הִימְלִישֶׁער בְּלִיק, דִיזֶעם
אוּנְמוּטְהִיג לֶעבְּלֶען, פֶערְפָאלְגְט מִיךְ אִימֶער וַואכֶענְד,
וִויא אוֹיךְ אוּם שְׁלַאפֶע, דַיין גֶעטְלִיכֶעם בִּילְד זֶעה אִיךְ
אוּם טְרוֹימֶע יַא מַיינֶע טְהַייעֶרֶע! אִיךְ טְרוֹימֶע נָאר
פוּן דִיר (פאר זיך) פָאן מִיר טְרוֹימְט „ער,

**באנציע** לייענט ווייטער
אוּנ סְהָאט זִיךְ יוספין גֶעחָלוֹמְט אַ חָלוֹם והנה אוּנ נוּן

מיר בינדען מיט דיא ברידער סנאפּעס אין פעלד, והנה איז אויפגישטאנען מיין סנאפּ אונ איז געבליבען שטעהן האט'עס דיא ברידער פאר דראסען, זענען זייא גינאנגען קויפין תבואה צום משנה למלך פון מצרים, האט'ער איבער געלאזט זיין קלייד ביי פוטיפערען, וייל ס'איז געוועזען א גרויסער הונגער.

**אדעלע** לײנט װײטער

ערינערסט דוא דיך דען לעצטען אבשיעד דען שוואר דען דוא מיר געשווארין דיעזער נאהרע הייליגע שוואר איזט מיינע גאראנטיא — (פיר זיך) דיזער שוואר? — אה יא!—

**באנציע** לײענט װײטער

וויא אין פּסוק שטעהט שים תהי נא — איך בעט דיך — ידך דיין האנד — תחת הינטער ירכי, מיין דיך — והשביעני אונ דוא זאלסט מיך באשווערין אז דוא זאלסט טוהען מיט מיר אחסד של אמת, אונ אנזאגין דיא באבעס זייא זאללין קוקען אויפין פארם, איז דאס א טאכטער זאל מען זיא אריין טארפין אין טייך אריין, איז דאס א יודיש קינד זאל מען שיקען נאך יוכבדן זיא זאל איהם אנזייגען ואני ערל — ווייל איך בין מיט פארשטאפטע לעפצין —

**אדעלע** לײענט װײטער

אדיע מיין טהייערע! — אלעס איז בערייט צו אונזער אברייזע, איך קאמע אום איין אוהר דיך אב צו הולען.

(פאר זיך) מיך אב צו הולען.

**באנציע** לייענט ווייטער

אָבֶער מִיט דיין מוטֶער רחל הָאב אִיךְ נִיט אזויא גיטוהְען וויא דָען ; — אִיךְ הָאבּ גֶעצונדֶען אַזוי לַאנג בִּיז דָער פְלַאם אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן זִיךְ נָעלְבֶּערְט . —

**אדעלע** לייענט ווייטער

דיין דיךְ אויף עֶוויג לִיבֶּענדֶער א י נ נ א ך —

**באנציע** לייענט ווייטער

וכני דן חוּשִׁים , אונ דִיא קִינְדֶער פוּן דָן זֶענִין חוּשִׁים בּרוּךְ משנא , גִילוֹיבְּט אִיז דַיין קְרָאבֶּקֶע מִיט דיין זוּיעֶר־טַייג , יְהִי רָצוֹן אונ דֶער ווילֶען זָאל זַיין פוּן דיר שִׁים ברכה , הצלחה , והרוחה אונ מְחוּ אֵיין אַ בְּרָכָה אונ אַ בַּאגְלִיקוּנְג אַ בְּרֵייטְקֵייט בכל מעשׂה ידינו אין אונזער מַשָׂא וּמַתָּן אָמֵן סֶלָה . —

(זיא פֿארמאכט דעם סידור אונ טהוט איהם אַ קוש אונ רופט ארויין אַ ווייביל)

נָא קוּם שׁוֹין קוּם אַרַיין , לָאמִיךְ דִיר שׁוֹין אָפְּלֵייגִין דִיא קְנֵייטְלִיךְ דַיין מִשְׁפחה קֶען אִיךְ זָעהר גוּט , דִיא גִישְׁטָארְבֶּענֶע אונ דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע .

1

שׁוֹין אָפְּגֶעקוּמְמֶען פַאר זַיינֶע זִינְד
אִיז דיין זֵיידֶע מֵיין לִיבּ קִינְד
ווייל עֶר הָאט — אַזוֹיא זָאגְט דִיא וועלט
גֶעהַאנְדֶעלְט תָּמִיד מִיט פאלְשׁ גֶעלְד

גֶעשְׁטאָרְבֶּן אִיז עֶר אִין אַייזֶערְנֶע קֵייטֶעלֶע ...
פַאר זַיין נְשָׁמָה אַ קֶנֵייטֶעלֶע (וִיא צִיהְט אוּם אַ פַּארִים)
דְרָעה דָעם פָאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק .

— אוֹי — אַזוֹי —

2

שוֹין אָפְּגֶעקוּמֶען פַאר אִיהְרֶע זִינְד
אִיז צֵייטֶעלֶע דַיין גֶעשְׁוֶועסְטֶער קִינְד
ווייל זִיא הָאט — אַזוֹי הָאט דִיא וֶועלְט נִיזָאגְט
בַּיים פְּרֵייץ גֶענֶעכְטִיגְט אוּנ גֶעטָאגְט
פוּן אַקִימְפֶּעט אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּן צֵייטֶעלֶע
פַאר אִיהר נְשָׁמָה אַקְנֵיימֶעלֶע
דְרָעה דָעם פָאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

— אוֹי — אַזוֹי —

3

דַיין פֶעטֶער אִיז גֶיוֶוען אִי פְרוּם אִי רַייךְ
גוּטֶע יוּדֶען הָאבְּן אִיהם גֶעקָאסְט אַ סַךְ
אִין שְׁטָאדְט אִיז עֶר אַמָאוֹר גֶעוֶועןְ
בִּיז דָאס שְׁטֶעטִיל הָאט זִיךְ אַרוּם גֶעזֶעהְן
אוּנ פַארְשִׁיקְט הָאט אִיהם דָאס שְׁטֶעטֶעלֶע
פַאר זַיין נְשָׁמָה אַקְנֵייטֶעלֶע
דְרָעה דֶעם פָאדִים דְרָעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

— אוֹי — אַזוֹי —

4

דַיין מוּמֶע טֵייטֶע נִידֶענְק אִיךְ קְלָאהר

אִיז אַמוֹיד גִיוֶועזִין בִּיז 50 יָאהר
אוֹיף אִיהר זִיווג הָאט זִיא אַזויא לַאנְג גִיוַוארְט
בִּיז דֶער מַארְךְ פוּנְם רוּקֶען הָאט אִיר אוֹיסְגֶעבְּרַאנְט
פוּנְם רוּקֶען אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען מֵיטֶעלֶע
פַאר אִיהר נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָּאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי — אַזוֹי

5

אוֹים גֶעמֶעקְט הָאט זִיךְ פוּן יוּדִישְׁקֵייט
דַיין בְּרוּדֶער וָואס גֶעהט גוֹיִש גֶעקְלֵייט
אַפָּאר טַאפְּלִים טְרָאגְט עֶר אוֹיף דֶער נָאז
אוּנ שָׁאבְּט אָפּ דִיא בָּארְד מִיט אַ שְׁטִיק גְלָאז
אוּמְגֶעוַואשִׁין עֶסט עֶר אַ בְּרֵייטֶעלֶע
פַאר זַיין נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָּאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי אַזוֹי

6

מִיט אִיהרֶע אֵייגֶענֶע הָאר גֶעהט דַיין שְׁוֶועסְטֶער אַצִינְד
חָלֶעבִּין עֶס טְהוּט קֵיין יוּדִישׁ קִינְד
אוֹיף אַ חַתוּנָה הָאבּ אִיךְ זִיא אַלֵיין גֶעזֶעהן
מִיט דֶעם הַארְץ אִין דְרוּיכִין אַזוֹי צוּ גֶעהן
אוּנ פַאר אִיהר בִּיזֶעם אַ קְוֵוייטֶעלֶע
פַאר אִיהר נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָּאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי — אַזוֹי —

אַמָחַר אִיז דַיין שְׁוָואגֶער גֶעוֶועֶן
25 יָאהר גֶעהַאנְדֶעלְט שַׁיין ,
קְרֶעדִיט הָאט עֶר גִיהַאט בַּייא דֶער וֶועלְט
בִּיז עֶר הָאט פַאר נוּמֶען אַ סַךְ גֶעלְד
אוּנ הָאט פְּלוּצְלוּנְג גֶעמַאכְט אַ פְּלֵייטָהלֶע
פַאר זַיין נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָאדִים דְרֶעה זֶשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי — אזוֹי —

נָא גֶעה גֶעה נַייבֶּעלֶע דֶערְלֶעבּ אִיבֶּער אַיָאהר , הָאסְט אַ וואוֹילֶע משפחה

(זיא געהט אוועק)

**אדעלע** (בייא זיך אין צימער זיפצט) אוֹי — אוֹי —

**באנציע** (פון יענער זייט שפאניער וועגטליך) וָואס אִיז דָאס ? אדעלע מַיין קִינְד , שְׁלָאפסְט נָאךְ גָאר נִיט ? וֶועה אִיז מִיר אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט וָואס מִיט דֶעם קִינְד אִיז גֶעשֶׁעהֶן פוּן אַ צַייט , נָאר זִיא רֶעט פוּנִם שְׁלָאף דוּרְךְ דִיא גֶעכְט , אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט וָואס מֶען טְהוּט דֶער צוּ , אדעלע ! אדעלע מַיין קִינְד !

**אדעלע** אַה ?

**באנציע** שְׁלָאפְסְט נִיט ! —

**אדעלע** נַיין בָּאבֶּע !

**באנציע** (נעהט אריבער צום אנדער אין צימער) וואס וועט איז מיט דיר מיין קינד, וואס פעהלט דיר? — פאר וועמען קענסטו זיך קלאגן טען נים פאר מיר, אז ס'פעלט דיר עפים? —

**אדעלע** יא איך מוז דיר שוין באבע דערציילין איינמאהל פאר אלע מאהל

אוי באבע באבע אוי מיין לעבין
וואס איז דאס מיט מיר פאר א שמראף
אפנים וועה איך פאר מיר שוועבען
צו בין איך וואך צו אין זיסען שלאף *)

**באנציע** ליין קריאת שמע טאכטער מארגין היים איך דיא מזוזות איבער זעהן
איין אלטער שכור צו עפים ווייס איך האט דיר דעם וועג געמוזט איבער געהן,

**אדעלע** ניין באבע, ניין ס'איז דייקא א יונגער מיט א הויכין הוט, אונ איז גראד ניט מיאוס העגטשקלעך טראגט ער אויף דיא פינגער אונ געפוצטע שטיוועלעך אויף דיא פים

**באנציע** האלטין זאל זיך עם בייא אלע שונאים אט דיא קליפה וואס שרעקט מיין קינד
זאג מיין טאכטער ויהי נועם

*) פאראדיע אויף Няня

שְׁפִּייא אוּים דְרַייא מָאהל און שְׁלָאף גִיזוּנְד

**אדעלע** נֵיין באבע נֵיין סְ'אִיז נִישְׁט קֵיין קְלִיפָּה
אִיךְ זְעה דָאךְ אִיהְם אָפְּט בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּב
דוּא זָאלְסְט אַזוּיא דֶערְלֶעבֶּן מַיין חוּפָּה
ווִיא עֶר הָאט גִישְׁוָואוֹרִין אַז עֶר הָאט מִיךְ לִיבּ

**באנציע** וֶוער מִיר גִישְׁוָואוּירִין ? — אַזוּיא לַאנְג זָאכְט עֶר
וָואס מִיר לִיבּ ? — גָאט אִיז מִיט דִיר
פָאלְג מִיךְ אוּנ גֶעהְנִיץ אָפּ מַיין טָאכְטֶער
גֶעחַאפְּט הָאסְטוּ אַ גוּט אוּיג דַאכְט מִיר

**אדעלע** אַגוּט אוּיג , — נֵיין דָאס אִיז גוּטֶע צְוֵוייא
דָאס אִיז צְוֵוייא אוּיגֶען פוּל גֶעפִיהל
ווִיא שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל לַייכְטֶען זֵייא
זֵייא לַייכְטֶען שְׁטִיל אוּנ רֵיידֶען פִיעל ! ...

**באנציע** אוּיגֶען רֵיידֶען ? — נָא ווִיא הַאלְט מֶען אוּיס ! —
טַאקִי נָאר פוּן הַייץ רֶעט עֶפִּיס מַיין קִינְד
פוּנְם סְטָאמְטְשִׁיק וַואקְס נֶעהם אִיךְ אַרוּיס
אוּיפִין קֶעפֶּעלֶע אוּיס גִיסֶען דִיר גֶעשְׁווִינְד

**אדעלע** נֵיין באבע דַיין כְּגוּלָה וֶועט דָא נִיט הַאלְטֶען
ווייל נִישְׁט אִין קָאפּ לִיגְט גָאר מַיין שְׁמָערְץ
טִיעף לִיגְט עֶר בַּייא מִיר בַּאהַאלְטִין
אָט דָא , אָט דָא , אָט דָא אִין הֶערְץ

**באנציע** דָאס אִיז אַ דִבּוּק , וֶועה אִיז מַיין לֶעבֶּן
מָארְגִין פָארְסְטוּ צוּם רֶעבִּין מִיט מִיר

אויף אַ גוטֶען פִּדְיוֹן וָועל אִיךְ אִיהם גֶעבּן
ארוים טְרַייבֶּען דֶעם דִבּוּק מוּז עֶר פוּן דיר

**אדעלע** גֵיין באבע, גֵיין סְ׳איז נִישְׁט קֵיין דִבּוּק
דָאס אִיז אַמֶענְטְשׁ דָאס אִיז אַמַאן
דָאס אִיז מַאקֶע מַיין אֶמֶתֶר זִיווּג
קָארְגִין מוּזִין דִיא תְּנָאִים זַיין

**באַנציע** אָן אַ שַׁדְכָן תְּנָאִים? — אַ וֵוייטִיג אִיז דֶער באבע
הָאב עֶם גָאר נִישְׁט פַאר שְׁטַאנֶען אִיךְ אַלְטֶער נאר
הָאסְט אִין מִיר אָן גֶעוָואוירֶען עולם הבא
גָאט זָאל דִיר נִיט בַּאצָאהלֶען דֶער פַאר -

**אדעלע** יָא באבע, יָא סְ׳איז נִיט קֵיין דִבּוּק
דָאס אִיז אַמֶענְשׁ, דָאס וֶועט זַיין מַיין מאַן
דָאס אִיז מַאקֶע מַיין אֶמֶתֶר זִיווּג
קָארְגֶען וֶועלִין דִיא תְּנָאִים זַיין.

**באַנציע** (מיט כעס) גֵיין אדעלע דוּא וֶועסְט עֶם נִיט פוּיֶעלִין מַיין מִשְׁפחה וֶועסְטוּ נִישְׁט פַאר פְלֶעקִין מִיט אַזוינֶע דייטְשֶׁעֲרִישֶׁע גֶענְג! גֵיין.

**אדעלע** (מיט פּאַרדרוס) גֵיין באבע דוּא וֶועסְט עֶם בֵּייא מִיר אויךְ נִיט פוּיֶעלִין אַז אִיךְ זָאל נֶעמֶען דֶעם וָואס אִיךְ ווִיל נִיט, אִיךְ וֶועל נֶעמֶען דֶעם וָואס אִיךְ ווִיל וָואס אִיךְ הָאב לִיבּ!

**באַנציע** וָועה אִיז מִיר, אוּי וָועה אִיז צוּ מַיינֶע אויעֶרִין

װאָס הָערִין דָאס , װָעסָען ליב , אוּם גָאטֶעס װילֶען !

**אדעלע** דָאס אִיז פַאקֶע מײן בְּעהָערֶער יָאה מײן לֶעהָרֶער דָער פײנֶער אִינְגַאין —

**באנציע** אָט דֶער טְפָּא , טְפָּא ! (זיא שפייט אוים) אָט דֶער — גָאט זָאל מִיךְ נִישְׁט שְׁטְרָאפִין פַאר דיא רֵייד ? — אָט דָער — הלוואי זָאל מֶען עֶס נִישְׁט דַארְפִין ? אָט דֶער חִי״ש װָאס טְפָּא , טְפָּא ! דיא גְרִינְגֶע גַאל קֶעהְרְט זִיךְ אִיבֶּער —

**אדעלע** װֶעסְט מִיר אִיהם נִישְׁט פַאר מִיאוּסִין ! --

**באנציע** נָא אִיךְ װֶעל מִיט דִיר שׁוֹין אַנְדֶערְשׁ מְהוּן !

**אדעלע** װָאס טְהוּן ? — דוּא מֵיינְסְט אִיךְ װֵיים נִיט ? מֶען הָאט מִיר דֶער צֵיילְט אַז מִיט מַיין כַּאמֶען הָאסְטוּ אוֹיךְ אַזוֹיא גִיטָאן , זִיא הָאט גִיװָאלְט נֶעמִין זַמֶענְטְשׁ נָאךְ אִיהר הַארְץ , אוּנ דוּא הָאסְט זִיא גֶעגֵייט צוּ נֶעמֶען דֶעם װָאס דוּא הָאסְט גִיװָאלְט — אוּנ זִיא אִיז אָמֶת יוּנְג פוּן דָער װָעלְט גִיגַאנְגֶען — אָה נֵיין מִיט מִיר װֶעסְט דוּא אַזוֹינָע זַאכֶען נִישְׁט פִירֶען , —

**באנציע** נוּארְט אִיךְ װֶעל דִיר װײזִין װֶער עֶלְטֶער אִיז אַז אַמֵיידָעל טָאר קֵיין דֶעה נִיט הָאבֶּען בַּייא אַזוֹינֶע זאכֶען — אִיךְ װֶעל דִיךְ פַארְשְׁלִיסֶען פוּן אַצוּנְד אָן אִין שְׁטוּב אַז דוּא װָעסְט מֶעהר אוֹיף דֶער לִיבְּטִיגֶער נָאס נִיט אַרוֹיס קוּקֶען װִיא זֶענֶען עֶרְגִיץ דִיא שְׁלִיסֶעל ?

(זיא נעהמט אַוועק זוכען דיא שליסעל , איגנאץ קוממ אָן פון דער אַנדערער זייט , אוג אנטלויפט מיט אַדעלען)

**אדעלע** (בוים אנטלויפען) צֶדֶיֶע באבוניא! –

(באנציע דער הערט איהר טול מעהרט ווי אום אג טריעגס זיא שוין נישט)

**באנציע** אדעלע, אדעלע, וֶועה אִיז מִיר!

(זיא פאלט אין אונמאכט)

ענדע צווייטער אקט

## דריטער אקט

(באנציע ליגט קראנק אונ שואך אין א בעטיל אויף א קליין טישעל נעבין איהר בעט א גלאָז וואסער דער צאנה וראינה ליגט אפען, זיא פריווט זיך אויף הי'בין אריין קוקין אין סידור נאר זיא פאלט שוואך צוריק זיא קרעכטצט אונ זיפצט קראַנקליך, אין צימער איז פינסטער נאר א ליכט צאקנט אין א לייכטעריל)

**באנציע** וָואס אַלְט אִיז נִישְׁט יוּנְג! – יוּנְגֶערְהַייט אַז עָס אִיז אויף מִיר אֵיין אוּמְגְלִיק גֶעקוּמֶען, הָאב אִיךְ'ס גְרִינְג אִיבֶּער גֶעטְרָאגִין, דִיא צַייט אִיז מִיר שְׁלֶעכְט גֶעוֶוען, נָא וָואס הָאב אִיךְ דָאס גֶעהֶערְט! – אַקִינְד אִיז בַּייא מִיר גִישְׁטָארְבִּין, נָא הָאב אִיךְ זִיךְ גֶעטְרַייסְט, גֶעלְד אָגִיר גֶעוָוארִין, אִיפְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארִין, אַלְדִינְג אַלְדִינְג הָאב אִיךְ אִיבֶּער גֶעטְרָאגִין אוּנ אוּים גֶעהַאלְטִין – נָאר הַיינְט,

היינט – דיא מינדעסטע דאגה, דיא קלענסטע צרה
קריקענט מיר אוים מיין לעצט ביסיל מארך פון דיא
ביינער אונ מאכט מיך געפעהרליך קראנק.

(וויא היסט אונ זיפצט)

עלענד בין איך געבליבען אויף דער עלטער, עלענד וויא
א שטיין, מיין איינציגע טאכטער איז אויסגעגאנגען ביי
מיר אויף דיא הענד אונ האט מיר איבער גילאזט דאס
קינד דיא אדעלען! – פריר גאט אונ דערנאך דוא!...
זענען גיוועזען איהרע לעצטע ווארטע צו מיר פארין טויט –
איך האב דאס קינד גענומען איך האב עס אפ געהיט
וויא מיין אויג אין קאפף, דאס איז געוועזען מיין טרייסט
אויף דער עלטער! – איך האב גערעכינט אין איהר נחת
האבען, חתונה מאכען איהר וויא דער סדר ישראל איז
אונ אלט אין איינעם אוועק פאהרין קיין ארץ ישראל,
נאר וויא איז זיא אצונד? זיא איז ערגעץ אוועק אונ איך
ווייס ניט וואו! – וועה איז מיר וואס פאר אתירוץ וועל
איך ענטפערין מיין טאכטער אז איך וועל קומען אויף
יענער וועלט אונ זיא וועט מיך פרעגין – וואו האסטו
היגגעטוהן מיין קינד. וויא איז מיין אדעלע? – דיא יתומה
האב איך דיר איבערגעלאזט צו דיא הענד – גיב זיא מיר
אפ אדער זאג מיר וויא זיא איז? – וויא איז זיא!
איך ווייס! – איך בין שוין קראנק זוכענדיג איך בין
שוין געוועזען אויף מיין טאטענס קבר אין עהרליבער יוד
געוועזען איז האב געוויינט פאר איהם ער ענטווערט מיר
ניט איך האב שוין אריין געווארפין ג' פעמים חי אין

ר׳ מאיר בעל נס פישקעס קבר , איך בין שוין געוועז
ביא אלע מכשפים קארטענווארפערינס אלע זאגין מיר
דא לעבט נאר זייא ווייסען ניט וויא זיא איז .

(זיא הוסט אונ זיפצט)

יא אדעלע איך האב געזינדיגט פאר דיר! איך בין שולדיג
אין דיין אנטלויפען וואס האט מיך דער גוטער יאהר
געטראגין איך זאל מיך בייזערין אויף דיר ! איך זאלל
דיך ניט דערלאזין טהון וואס דוא ווילסט — אדייטש נא לאז
אדייטש ! — וואס איז זייא זענין דען קיין מענטשין נישט
איך וויים , איך בין פון דער אלטער וועלט מן הסתם
האסטו דאך פאר שטאנען אז אזויא איז רעכט — נאר
זייא זשע מיר מוחל מיין טהייערע אדעלע! נא לאז שוין
זיין מיט דעם דייטש אבי קום צו מיר — קום צו מיר
לאם איך דיך חאטש נאך איין מאהל אנקוקען פאר מיין
טויט אונ דיינע טהייערע פינגערלעך זאלין מיר צו מאכין
די אויגין אויף אייביג וועל איך רוהיגער קענען שטארבען .

(זיא הוסט קרענקליך אונ קרעכצט)

נאר וואס האב איך צו טענין ! — דיא זאך איז פארפאלין
(זיא ווייטער אוי ס׳איז נאך ניט פאר מיין כח אצונד איין
איבריג ווארט צו ריידין איך בין שלאף .... עפים פאלט
אויף מיר א שלאף .... אנגעסען בעשלאגין מיך .... ס׳איז
מיר שלעכט .... ס׳איז מיר ניט גוט — אוי

(זיא ווערט אנטשלאפין)

**א בת־קול** דער פֿאַר וואָס דוא האָסט געזינדיגט אויף דער וועלט ביסטו ניט זוכה געוועזען ביים לעבען צו זעהן ארץ ישראל, אונ נישט זעהן מעהר דיין איינעקיל – נאָר אַשְׁעת פֿאַר דיין טויט וועסטו זעהן אַ חלום, אין ערשטין חלום וועסטו זעהן ארץ ישראל – אונ אין צווייטען וועסטו זעהן אדעלען מיט איהר מאַן.

**באַנציע** (חאַפּט זיך אויף פֿערשלאָפֿין) אַ בת קול עפּים האָב איך געהערט אַ זים קול, אַזאַ שרעקליך קול אָה!

(זיא ווערט ווידער אנטשלאָפֿין)

(אין דער טיעף פֿון דער ביהנע עפֿענט זיך אַ וואַנד, דאָס בילד שטעלט פֿאָר ר' מאיר בעל נס קבר, אַרום אַבלאָס פֿייער זיטצען ארץ ישראל יודען אונ זינגען שטיל)

**איינער** על קבר זה פה נתלונן
פה, אחי, פה נקונן

**קאָהר** מר לנו אחינו
אויה, אויה על שברנו

**איינער** על אדמת קודש נתלונן
על חורבן מקדש נקונן

**קאָהר** מר לנו אחינו
אויה, אויה, על שברנו

**איינער** בכה נבכה על חורבן
אין לנו עולה ואין קרבן
זכור ה' זכה מה היה לנו
אין לנו מלך

**קאָהר** אין אין

**איינער** אין לנו נביא

**קאהר** אין אין

**איינער** אין לט פּע

**קאהר** אין אין

**איינער** אליך ה' השיבני
כקדם חדש ימינו

**קאהר** אליך ה' השיבני
כקדם חדש ימינו

**באנציע** (חאפט זיך אויף פארשלאפין) ארץ ישראל ! א דאנק דיר
גרויסער גאט געבענטער.

(זיא ווערט ווידער אנגעשלאפין)

(דאס בילד ענדערט זיך פון וויטינס זעהט מען אדעלען מיט
אינגאצען אומגעארעמט אין חופה קליידער בעלייכטעט מיט
בענגאליש פייער)

**באנציע** מיט איהר ביסעל כוחות הייבט זיך אויף און טהוט
א געשרייא ניט מיט איהר קול אדעלע! ....

(פאלט טויט צוריק)

# ענדע

# דער

# אייביקער וואנדערער

## דראמע אין דריי אקטן

מיט א פּראלאָג.

פון

## אָסיפּ דימאָו.

1922 תרפ״ב

# פ ע ר ז אָ נ ע ן :

מרדכי בערמאַן.

זיין ווייב.

| | |
|---|---|
| לאה<br>שאול<br>משה<br>סאָניעטשקא | ) זייערע קינדער. |

דאווידזאָן.

חיים שמורלאַ.

לעוויט.

לערערין.

דאָקטאָר.

באָנאַטקאָ.

באַאַמטער.

פויער.

# פּראָלאָג.

עס ערשײַנט אַן אַלטער, ענלעך אויף מרדכי בערמאַן, נאָר פיל עלטער מיט אַ לאַנגער גרויע באָרד, בלינד. מיט אים אַ קלײן מײדל, ענלעך אויף סאָניעטשקען.

דער אַלטער: וואו זענען מיר?

מיידל: אויף דעם גרויסן וועג.

דער אַלטער: יאָ, יאָ.

מיידל: איך בין מיד.

אַלטער: שוין גיך... גיך...

מיידל: דו זאָגסט אַלץ גיך, גיך, און מיר גייען און גייען אָן אַן אויפהער. ווען וועט שוין נעמען אַ סוף? איך בין מיד, ווען וועלן מיר שוין קומען און אויסרוען זיך? איך בין מיד.

אַלטער: גיך, שוין זייער גיך, וואַרט...

מיידל: עס איז פינסטער און קאַלט. עס איז מיר קאַלט... צו וואָס זענען מיר געקומען אויף דעם אָרט? דאָ ציט זיך די גאַכט אָן אָן אויפהער.

אַלטער: באַלד וועט אויפגיין די זון... עס וועט זיין ליכטיק... איך זע, איך שפיר...

מיידל: ווי קאָנסטו זען מיט דיינע בלינדע אויגן? דאָס איז דאָך לעכערלעך, דו קאָנסט דאָך אַפילו נישט אונטערשיידן צווישן אַ מענטש און אַ חיה.

אַלטער: פונדעסטוועגן זע איך,—איך האָב אַנדערע אויגן.

מיידל: דו זעסט נאָר דאָס, וואָס עס איז ווייט, אָבער דאָס, וואָס עס איז נעבן אונז באַמערקסטו נישט. נעכטן האָסטו זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטיין, און האָסט זיך צוקלאַפּט ביז בלוט.

אַלטער: יאָ, יאָ.

מיידל: דאָס, וואָס עס איז זייער הויס, זעסטו, זעסט אַפילו צו ווייט, מיר וועלן סיי-ווי-סיי נישט דערגיין.

אַלטער: מיר וועלן דערגיין, וואַרט אַביסל, מיר וועלן דערגיין.

מיידל: אָפּטמאָל גלייב איך דיר און אָפּטמאָל נישט.

אַלטער: יאָ, יאָ, אין וועג טרעפט זיך אַלץ און פאַר־שידענע געדאַנקען קומען אויפן קאָפּ. זאָג, לינקס פון אונז איז אַ טייך?

מיידל: יאָ, און ווייטער איז אַ בערגל.

אַלטער אומעטיק אויפגעלעבט זיך: אַ בערגל? אַ גרויס בערגל, און ווייטער אַ וואַלד?

מיידל: ניין, קיין וואַלד איז נישטאָ, אַ פעלד.

אַלטער: אַ פעלד, הייסט עס האָט מען דעם וואַלד אויסגעהאַקט! אַזוי, אַזוי...

מיידל: דיר איז דאָס אָרט באַקאַנט?

אַלטער: יאָ.

מיידל: דו ביזט דאָ אויך געווען?

אַלטער: יאָ, יאָ. איך בין געווען, איך ווייס... איך גע־דענק.

מיידל: איך וואונדער זיך: אומעטום ביזטו געווען וואו־

הין מיר זאָלן נישט קומען קאָנסטו אַלץ. מיר דאַכט זיך, אַז דו ביזט אויסגעווען אויף דער גאַנצער וועלט, און פון אומעטום האָסטו ערינערונגען.

אַלטער: זע נאָר, דאָ רעכטס דאַרף זיין אַ בית-עולם.

מיידל *קוקט*: ניין.

אַלטער: דאָ נישט ווייט... נעבן דער בלאָטע.

מיידל: ניין, איך זע גאָרנישט, איך זע נאָר עטלעכע שטיינער.

אַלטער: אַזוי, אַזוי, עטלעכע שטיינער, און פריער איז דאָ געווען אַ גרויסער בית-עולם, און עס איז געוואַקסן אַ וואַלד. דער וואַלד איז נישטאָ, דער בית-עולם איז נישטאָ, אַזוי, אַזוי... אַ בערגל שטיינער.

מיידל: הייסט עס האָבן דאָ געלעבט מענטשן?

אַלטער: זיי האָבן געלעבט—יאָ, זיי זענען שוין נישטאָ... עס איז גאָרנישט דאָ.

מיידל: דו האָסט געקענט די מענטשן? זיי זענען געווען גליקלעך?

אַלטער: זיי געדענקט שוין קיינער נישט, ווען זיי האָבן שוין אַלע פאַרגעסן, אַ חוץ מיר...

מיידל: ווי לאַנג מיר גייען שוין און מיר האָבן נאָך גאָרנישט געזען אַ חוץ ליידן און קראַנקהייטן... דו ביזט אַלט און עס איז מעגלעך, אַז גיך וועל איך בלייבן אַליין. זאָג מיר, זאָג מיר: וואוהין פירסטו מיך? איז דען דאָ אַזאַ לאַנד, ווי מיר קאָנען זיך אָפּרוען, ווי מ'זאָל אונז אַביסל לאָזן לעבן? דו ביזט דאָך אומעטום געווען און אַלץ געזען, ווי איז דאָס לאַנד? יעסטו עס? איז אין אמתן דאָ אַזאַ לאַנד, אָדער דו נאַרסט מיך?

אַלטער *צוטרייט*: באַלד... באַלד... וואַרט... אַביסעלע שטיינער.

מיידל: וואָס איז מיט דיר?

אַלטער: איך געדענק... אַזוי ווי שאָטנס, זיי גייען פאַרט, זעסט?

מ י י ד ל: פון דיינע בלינדע אויגן גיסן זיך טרערן—וויינ-
סטו, וועלכער האָט אַלעס געזען?

אַ ל ט ע ר: דאָ האָבן געלעבט מענטשן... אַ גרויסער בית-
עולם, אַ בערגל שטיינער — דאָס זענען זייערע פאַרגליווערטע
טרערן אויף דער ערד... זעסט? דו זעסט?

מ י י ד ל: איך ציטער, איך האָב מורא!

אַ ל ט ע ר: קוק, קוק, אַזוי ווי די שאָטנס גייען זיי פאַר-
ביי. קוק, קוק. פינסטער.

# ערשטער אקט.

אין הויז פֿײַ אַרײַבֿן בעל־הבית מרדכי בערמאַן, סאָניעטשקאַ שטייט אויף די קני אויף אַ שטול, לעזט בײַם פֿענסטער, נאָך אירע צופֿלאָסענע האָר און אויפֿגערעגט געזיכֿט איז צו באַמערקן, אַז זי לעזט שוין לאַנג און האָט פֿאַרגעסן, וואָס עס טוט זיך אַרום איר, משה איבט זיך אויף אַ פֿידל. פֿאַרנאַכֿט.

**ס אָ נ י ע ט ש ק אַ:** אַך! אַך!

**מ ש ה:** וואָס לעזטו?

**ס אָ נ י ע ט ש ק אַ:** וואַרט. הערט נישט.

**מ ש ה** שפּילט.

**ס אָ נ י ע ט ש ק אַ :** אי, וואָס פֿאַר אַ...

**מ ש ה:** עס איז פֿינסטער, דו וועכט זיך קאַליע מאַכן די אויגן.

**ס אָ נ י ע ט ש ק אַ :** וואַרט, שטער מיר נישט.

משה שפילט. הערט אויף: וואָס וועט זיין מיט מיר?

סאָניעטשקאַ: וואָס?

משה: מיר דאַכט זיך, אַז איך בין אַ מאָדנער מענטש.

סאָניעטשקאַ נישט פארשטייענדיק: ווער?

משה: איך.

סאָניעטשקאַ: דו?

משה: יאָ.

סאָניעטשקאַ: פאַרוואָס?

משה: אַ מאָדנער...

סאָניעטשקאַ: יאָ. לעזט ווייטער, פלוצלונג מיט פייער פאַר-שטייסט, ער האָט זי אויף די קני געבעטן, זי זאָל קומען אין גאָרטן. זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט. בשום אופן! האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך דערשיסן. האָט זי איינגעשטימט און איז געקומען ביי נאַכט. וואָס האָט ער, אָבער, געטון? ער איז באַוואוסטזיניק נישט געקומען, אַזאַ שטאַרקער.

משה: וואָס וועט מיט מיר זיין, אַז מ׳וועט מיך נישט צונעמען אין אוניווערסיטעט? איך וועל פאָרן קיין אויסלאַנד. דאָרט איז גוט. פויזע און געלט? פויזע נו, ביינאַכט וועל איך ערגעץ שפילן אופן פידל און אַ גאַנצן טאָג וועל איך לערנען, אויב מ׳וועט מיך נישט צונעמען אין אוניווערסיטעט.

סאָניעטשקאַ: מ׳וועט דיך זיכער אָננעמען.

משה: פאַרוואָס?

סאָניעטשקאַ: ווייל איך פיל עס. וואָס הייסט מ׳וועט נישט צונעמען?

משה: דו פילסט?

סאָניעטשקאַ: יאָ.

משה: עס טרעפט, אַז איך פיל אויך, אַז עס גייט צו דיר אַ בריף—קאָן מען פאַרזען.

סאָניעטשקאַ: פארמאַכט די אויגן אָט זע איך אזוי ווי די וואָלט געלעזן. נו, יאָ, מ׳וועט צונעמען, אָט...

משה: יאָ, יאָ, סאָניאַ, און אַז דו וועסט צוּוואַקסן וועס־טו אויך קומען צו מיר.

סאָניעטשקאַ: איך וועל קומען צו דיר? מיין גאָט, און וואָס וועל איך דאָרט טון?

משה: דו וועסט לערנען.

סאָניעטשקאַ: זי איז דאָך אויך דאָרט גע־וועזן.

משה: ווער?

סאָניעטשקאַ: די יונגע באַראָנעסע?

משה: וועלכע באַראָנעסע?

סאָניעטשקאַ: נו, די וועלכע האָט נישט געוואָלט צו אים אַרויסגיין אין גאָרטן, ד. ה. שפּעטער האָט זי שוין גע־וואָלט, נור ער האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט. זי איז אויך געוועזן אויף קורסן. ווי דאָס איז מאָדנע אויסגעפאַלן, זעסט!

משה: אויב איך וועל פאָרן קיין פּאַריז, וועל איך דאָרט אויפזוכן לאהן.

סאָניעטשקאַ: ווי אַזוי וועסטו זי אויסזוכן? אפשר איז זי שוין לאַנג דאָרט נישטאָ... זי איז אפשר קראַנק, אָדער...

משה: איך וועל זיך דערוויסן, אפשר איז זי טאַקע שוין לאַנג געשטאָרבן. דו גלייבסט אין דעם?

סאָניעטשקאַ: געוויס נישט.

משה: איך אויך נישט.

סאָניעטשקאַ: דו געדענקסט זי? איך געדענק זי.

משה: זי איז אַוועקגעפאָרן אין דעם יאָר, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו באַזוכן דאָס גימנאַזיום.

סאָניעטשקאַ: זי איז געוועזן אַזוי שיין. דו ווייסט, וואָס מיר דוכט זיך?

משה: וואָס?

סאָניעטשקאַ: אַביסל ענלעך צו די באַראָנעסע.

משה: דו ביזט גאָר אַ נאַר, סאָניע. איך קלער שטענדיק— איך קלער אַזױפיל, אַז איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט. דיר איז גוט װײל דו ביזט אַ נאַר.

סאָניעטשקאַ: װעגן װאָס קלערסטו?

משה: װעגן אַ סך זאַכן, און באַזונדערס יעצט. מענטשן שטעלן זיך פאָר: װער איז משה בערמאַן? אָט אַ פּראָסט ײנגל, װאָס האָט געענדיקט גימנאַזיום און שפּילט אױפן פידל, ניין, קײנער שטעלט זיך נישט פאָר...

סאָניעטשקאַ: דו װײסט אױף ריכטיק, אַז איך בין אַ נאַר? אַ שאָד, אױב דאָס איז טאַקע אמת.

משה: פאַרװאָס איז אַזאַ שאָד?

סאָניעטשקאַ: װײל איך װעל דאַן זײן זײער אומגליקלעך.

משה: אפשר װעסטו נאָך אױסװאַקסן, און דאָס מוז איך דיר נאָך זאָגן, אַז נאַראָנים האָבן אָפט אין לעבן מער גליק פאַר די קלוגע.

עס קומט לאה, אין האַנט — נישט אַ גרױסער טשעמאָדאַן, די קינדער קוקן אױף איר פאַרחאונדערט.

לאה רופט: גוט-נ'אָװנט!

משה דערקענט נישט: גוט-נ'אָװנט!

לאה בלײַבט שטײן בײַם טיר, רעדט אַזױ װי זי װאָלט זיך נעכטן געזען: דאָס איז משה?

משה: יאָ, דאָס בין איך.

לאה: און דאָס איז די קלײנע סאָניע? פּױזע? די מוטער לעבט? דער פאָטער לעבט? איר דערקענט מיך נישט?

משה: ניין.

לאה: פאַרדעקט די אױגן מיטן האַנט, שטיל: און װאו איז שאול?

סאָניעטשקאַ מיט אַ געשרײ: איך װײס, איך װײס װער

דאָס איז. גיט זיך אַ וואָרף צו לאהן לאה! לאה! לאה איז גע-
קומען...

לאה: סאָניעטשקע! קושן זיך ווי דו ביזט אויסגע-
וואַקסן!

משה קושט די שוועסטער: יאָ, יאָ, לאה.

לאה: איך האָב דיך גלייך דערקענט.

סאָניעטשקאַ: מיר האָבן איצט אָט גערעדט וועגן דיר...
אָט יעצט.

לאה: ווי אַלט ביזטו?

סאָניעטשקאַ: 14

לאה: 14 יאָר... קליינינקע סאָניע!

משה: ווי זענען די עלטערן?

סאָניעטשקאַ רופט: פּאַפּאַ! מאַמאַ! קומט אַהער! גיכער!
גיכער!

משה: לאה איז געקומען, יעצט וועט אַלעס זיין גוט.
דו האָסט זיך זייער פאַרענדערט.

לאה פארביטערט: יונג געוואָרן?.. עס קומט די מוטער.

מוטער: וואָס איז געשען?

סאָניעטשקאַ: טרעף מוטער, טרעף חער דאָס איז?

משה מיט סאָניען האָבן זיך אָפּגערוקט, די מוטער, ווייזט אויס, קומט גלייך
פון דער אַרבעט, קוקט אויף לאהן, זי וואַרט רויק און טרויריק.

מוטער: ווער איז דאָס? דאָס איז דאָך... דאָס איז...
מיט אַ געשריי לאהניו!

לאה: מאַמע!

מוטער קושט זי, חיינט, אויפגערעגט: לאהניו... מיין קינד...
מיין ליכטיקער שיין... לאהניו... דאָס איז זי. אירע אויגן...
אירע האָר... זי, זי! זי האָט זיך צוריקגעקערט, געקו-
מען!

לאה: מוטער, מוטער!

מוטער: נאַרישע קינדער... קינדער! איר האָט געמיינט,
אַז איך וועל נישט דערקענען מיין אייגענע טאָכטער, וואָס

זיי קאָנען אויסקלערן! איך וועל נישט דערקענען די אויגן, און דאָס טייערע פּנים! אויב איך וואָלט געווען אַ בלינדע און דו וואָלסט אַריין און געשוויגן, איך זאָל אַפילו דיין שטימע נישט הערן וואָלט איך דיך אויך דערקענט, מיין אוצר. אַך, וואָס פאַר אַ נאַרישע קינדער!

ל א ה: דו ביזט געזונט, מוטער?

מ ו ט ע ר: דו פרעגסט צי איך בין געזונט, אי, איך בין גליקלעך! נאָר פאָרזיכטיק, איך קאָן דיר נאָך איינריכטן די הענט, זיי זענען ביי מיר נישט ריין.

ל א ה: אַזוי ווי שטענדיק, אַזוי ווי שטענדיק.

ס אָ נ י ע ט ש ק אַ קושט די הענט ביי די מוטער: און מיר איז אַלץ איינס... אַלץ איינס...

מ ו ט ע ר חיינט פון גליק: עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ, מיינע בריליאַנטענע גאָלדענע קינדער, ווי איז דער טאַטע? זאָגט דעם טאַטן!

מ ש ה: זעץ זיך, מאַמע.

מ ו ט ע ר זעצט זיך: גאָט מיינער, גאָט. שפּרינגט-אויף וואָס האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אַזוי ווי אַ נאַר? דו ביזט דאָך הונגעריק, לאהניו, וואָס וועסטו עסן? פיש, פלייש, זופּ?

ל א ה: איך דאַנק דיר, מוטער, איך וויל נישט.

מ ו ט ע ר: וואָס הייסט דו ווילסט נישט? אַ מענטש איז געקומען פון אויסלאַנד און איז נישט הונגעריק? דאָס איז אוממעגלעך!

ל א ה: דו ביזט אַלט געוואָרן, מוטער.

מ ו ט ע ר: אויך מיר אַ זאָרג! פאַרוואָס זאָל איך נישט אַלט ווערן, חתונה-האָבן קלייב איך זיך נישט. האָבנדיק אַזעלכע קינדער, מיינט איר, וואָלט זיך נישט געפונען קיין בעלן? יעדער גראַף וואָלט מיך נעמען מיט אַ דאַנק. איך דערלאַנג גלייך, עס איז אַלץ פאַרטיק.

ל א ה: איך האָב געגעסן אונטערוועגנס.

מוטער: וואָס האָסטו געגעסן? גאָרנישט. איך ווייס מיט וואָס זיי שפּייזן דאָרט.

משה: פאַרוואָס האָסטו נישט געשריבן, אַז דו קומסט?

לאה: איך האָב אַליין נישט געוואוסט.

סאָניעטשקאַ: אָ, זי האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

משה: דער פּאַפּאַ גייט. עס קומט מרדכי בערמאַן.

לאה שטייט-אויף: פּאַפּאַ.

מרדכי נעמט זי ארום און אויסערלעכן ענטוזיאַזם, אַזוי ווי ער וואָלט איר נישט אינגאַנצן געגלייבט, פאַרזיכטיק: איך הער, איך הער, מיין טאָכטער לאה, מיין עלטסטע טאָכטער! גוט-נ'אָוונט, גוט-נ'אָוונט, לאה... קושט זי אַ גרויסע, אַ דערוואַקסענע, גאָר אַ גרויסע. נו, דערצייל, דערצייל.

לאה: וואָס זאָל איך דערציילן? איך בין געקומען.

מרדכי: יאָ, יאָ.

מוטער: זע, מאָטל, ווער עס איז געקומען צו אונז, זע נאָר, ענטליב דיך מיט דיין גאַסט. נעמט אים ארום. חיינס.

מרדכי: יאָ, יאָ. נעמט זי ארום מיט אונזער גאַסט, גאָר גאָר אַ גרויסע... האָט זי זיך צוריקגעקערט צו אונז, מזל-טוב.

סאָניעטשקאַ: זי האָט אַליין נישט געוואוסט, אַז זי קומט צו פאָרן, הערסטו?

מוטער: אָבער דו וועסט שוין מער נישט אַוועקפאָרן? דו ביזט געקומען אויף שטענדיק, יאָ?

לאה: אויף שטענדיק, אויב איר וועט מיך נישט אַרויס וואַרפן.

מרדכי ווידערהאָלט: אויף שטענדיק זיך צוריק אומגעקערט?

לאה: יאָ... איך בין מיר.

מרדכי: אַזוי, אַזוי.

לאה: דו ביזט אַלץ דערזעלבער.

מרדכי: יאָ, איך בין דערזעלבער, וואָס האָסטו דאָרט געטון?

לאה: וואו?

מרדכי: דאָרטן, וואו דו ביזט געווען, אין אויס-לאַנד?

לאה: פאַרשידנס.

מרדכי: האָסט געלערנט?

לאה: געלערנט אויך.

מרדכי: געלערנט אויך?

מוטער: דערפאַר איז זי אַזוי דאַר און בלאַס. צו וואָס דאַרפן זיך מיידלעך צו לערנען דאָרטן אין אויסלאַנד? מייד-לעך דאַרפן חתונה-האָבן.

מרדכי צום חמב: וואַרט! צו לאה: זיבן יאָר, ווי דו ביזט אַוועקגעפאָרן. מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביזט חלילה גע-שטאָרבן.

מוטער: וויפל טרערן האָב איך דאָ פאַרגאָסן, וואָס איך האָב נישט איבערגעקלערט, פאַרוואָס האָסטו די גאַנצע צייט נישט געשריבן.

לאה: די ערשטע צייט האָב איך נישט געוואָלט.

מרדכי: פאַרוואָס?

מוטער: רבונו-של-עולם, דו האָסט נישט גע-וואָלט?

לאה נאָך אַ פויזע: יאָ. פויזע איך האָב גערעכנט, אַז איר זענט מיר פרעמד.

מוטער: גאָט אין הימל, וואָס רעדסטו, לאהניו?

מרדכי: און שפּעטער?

לאה: שפּעטער האָב איך נישט געקאָנט שרייבן.

מוטער: דו ביזט געווען קראַנק?

לאה: יאָ, קראַנק.

מוטער פאַרבערעכט מיט די הענט: איך האָב געוואוסט, מיין האַרץ האָט געשפירט.

לאה: ניין, איך בין נישט געווען קראַנק.

מוטער: וואָס דען?

לאה: איך בין געזעסן אין טורמע.

מוטער: אין טורמע? פאַרוואָס? פאַרוואָס?

סאָניעטשקאַ: דו ביזט געווען אין... פאַרוואָס? גרייסע פויזע איך פאַרשטיי נישט, וואָס האָסטו דען געטון שלעכטס?

מרדכי אויפהייבנדיק דעם קאָפּ: און איצט רעכנסטו נישט מער, אַז מיר זענען דיר פרעמד?

לאה: ניין! פויזע איצט קלער איך גאָרנישט און רעכן גאָרנישט. איך בין גאַנץ איינפאַך געקומען צופאָרן.

מרדכי: אַזוי... אַזוי...

מוטער: זי איז געקומען און וויל נעבעך עסן. קינד, אָט די מינוט גיב איך אָפּ.

לאה: נו, וואָס הערט זיך עפּעס דאָ ביי אייך?

מרדכי: וואָס עס הערט זיך ביי אונז? מיר לעבן זיך שטיל, רויק, מיר וואַרטן.

לאה: אויף וואָס וואַרט איר?

מרדכי: מיר וואַרטן.

לאה: ווי גייען די געשעפטן?

מרדכי: געשעפטן...

לאה: דו האַנדלסט אַלץ מיט וואַלד?

מרדכי: איך קויף און פאַרקויף, פאַרקויף און קויף ווידער, אָט אַזוי לעבן מיר. מיט אַ פאַרבאָרגענער צאַרטקייט אָט ער איז ביי אונז אַ געבילדעטער.

לאה: משה?

מרדכי: פאַר 2 חדשים האָט ער געענדיקט גימנאַזיום מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל.

לאה: הייסט עס, האָסטו נישט געוואוינט אין דערהיים?

משה: איך פּלעג נאָר קומען אַהיים אויף ימים-טובים.

לאה: און וועסטו לערנען ווייטער?

מרדכי (נאָך אַ פּויזע): אָט וואַרטן מיר אויף אַן ענט-פער.

משה: איך האָב אַוועקגעשיקט מיינע דאָקומענטן און וואַרט אויף אַן ענטפער.

לאה! אויב דו האָסט אַ מעדאַל, וועט מען דיך דאָך צו-נעמען.

משה: וואָס הייסט... אין ערגסטן פאַל וועל איך פאָרן קיין אויסלאַנד.

לאה (אויפגערעגט): דו אויך? ניין! ניין... מען דאַרף נישט...

משה: פאַרוואָס?

לאה: ניין... ניין... דו וועסט געוויס דאָ זיך איינאָרדנען...

סאָניעטשקאַ: איך זאָג אים אויך, ער זאָל נישט פאָרן. דו זעסט דאָך, ווי מ'זעט אויס, אַז מ'קומט צוריק פון אויס-לאַנד.

לאה: איך בין מיד (פּויזע) איך וויל זיך נאָר אויסרוען. איך דאַרף מער גאָרנישט, נאָר אַ ווינקל, וואו מ'קאָן זיך אויס-רוען, ביי אונז איז דאָך שטיל?

מרדכי: ביי אונז איז שטיל.

לאה: גאָרנישט קלערן, נישט הערן, קיינעם נישט טרעפן. איך האָב שוין מער קיין קרעפטן נישט.

מרדכי: מ'דאַרף נאָך אַ סך, אַ סך!

לאה: צו וואָס?

מרדכי: דו האָסט נישט קיין פריינדין? אַ חתן, אַ מאַן?

לאה: ניין.

מרדכי: קיינעם נישט.

לאה: ניין.

מרדכי: אין 7 יאָר קיינעם נישט?

לאה: אויב נישט קיין מאַן, איז... אפשר אַ נאָנ-טער אַזוי ווי אַ מאַן. איצט לעבן יונגע מיידלעך אַנדערש, איך ווייס...

לאה: איך פאַרשטיי נישט.

מרדכי אויפגערעגט: דו בעטסט איך זאָל דיר געבן אַ ווינקל, דו ווילסט זיך אויסרוען, לאה, מיין טאָכטער, איך קאָן דיר נישט געבן.

לאה: דו קאָנסט נישט?

מרדכי: איך ווייס, אַז איך קאָן נישט, גאַנץ גיך וועל איך אַליין נישט האָבן קיין ווינקל—קיין הויז קיין אַרבעט—קיין פּאָטערלאַנד...

לאה: דו וועסט נישט האָבן?

מרדכי: מיר מוזן אַוועקפאָרן פון דאַנען.

לאה: אַוועקפאָרן...

מרדכי: מיר באַמיען זיך נאָך... די טעג דאַרף זיין אַן ענטפער.

לאה: ווידער פאָרן, ניין... איך האָב שוין נישט קיין כח.

מרדכי: כח מוז מען האָבן.

סאָניעטשקאַ: איך פאַרשטיי נישט, מ'דאַרף זיך באַ-קלאָגן?

מרדכי: באַקלאָגן זיך, באַקלאָגן יאָ, יאָ.

משה: און דו פאַפאַ, האָסט דאָך געזאָגט, אַז עס איז שוין אַלץ אין אָרדנונג.

סאָניעטשקאַ: אַז פאַפאַ איז שוין אַזאַ, ער קלאָגט זיך גוט.

מרדכי: יאָ, יאָ. איך בין שוין אַזאַ.

משה: ביזט אַ נאַריש - מיידל, איצט איז אַרויס אַ נייער באַפעל, אַז יידן טאָרן נישט וואוינען נענטער, ווי 50 וויאָרסט פון גרענעץ.

סאָניעטשקאָ: וואָס האָבן מיר אָבער געטון? מיר האָבן דאָך גאָר קיין שלעכטס נישט געטון...

עס קומט שאול אָן אַ האַנט.

לאה: אָט איז שאול! גייט צו רויק צו איט, באַמערקנדיק, אַז ער איז אָן אַ האַנט. ציטערט וואו איז דיין האַנט?

שאול קושן זיך: די האַנט? זי איז שוין לאַנג נישטאָ.

לאה: פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געזאָגט?

שאול: מ'האָט אָפּגעשניטן, אַמפּוטירט. דער סטאַרשי ווראַטש פון 64-סטן פּאָגראַניטשנעס פּאָלק האָט אָפּגעשניטן די האַנט. פאַרוואונדעט מיט אַ קויל אַדורך און צושמעטערט דעם ביין, דעם 25-סטן אויגוסט ביי מוקדן.

לאה: דו ביזט געווען אויפן קריג?

שאול: טאַק טאָטשנאָ, וואַשע בלאַגאָראָדיע. אַרויסגעגאַנגען פון סטראָי, ווייל איך בין געווען אומפּעאיק ווייטער צו דינען וואַשע בלאַגאָראָדיע.

לאה: אומגליקלעכער שאול!

שאול: איך בין אַ טרייער סאָלדאַט, פאַרטיידיקט מיין פאָטערלאַנד.

לאה דרייט זיך אָפּ, וויינט: איך האָב נישט געקלערט, איך האָב נישט געוואוסט פויזע.

מרדכי: מיר זענען שוין צוגעוואוינט.

סאָניעטשקאַ: ער אַליין האָט זיך אויך צוגעוואוינט לאהניו.

שאול: איך זאָג, אַז 2 הענט איז אַן אויסבערענגעריי, אַ לוקסוס, אַז מ'קאָן לעבן מיט איינע. איך שרייב איצט מיט דער לינקער האַנט, איז עס דען נישט אַלץ איינס? אויפן פידל, זעסטו, קאָן איך מער נישט שפּילן, אָבער וואָס מאַכט עס אויס? עס זענען דאָך דאָ אַ סך מענטשן, וואָס שפּילן מיט 2 הענט, שפּילן זיי אָבער אַזוי, אַז עס וואָלט געווען גלייכער, אַז זיי וואָלטן קיין איינע נישט געהאַט.

לאה: ער וועט אויך אָוועקפאָרן?

שאול: וואָס בין איך עפּעס פאַר אַ גענעראַל, אַז איך זאָל נישט פאָרן? אַלע וועלן פאָרן און איך אויך.

מרדכי: שאַ... שטילער... עס קומט די מוטער זי גרייט צום טיש.

מוטער: זעץ זיך מיין קינד, עס, וואָס עס איז דאָ. דו זעסט, וואָס עס איז געוואָרן פון שאולן, ווישט טרערן, באַמיענדיק זיך צו באַרויקן דעם זון נאָר מ׳באַמערקט עס שוין נישט כמעט. און אַז ער שטייט אָן אַ זייט, זעט טאַקע קיינער נישט. עס, מיין קינד! עס איז אַלץ פריש, נישט אַווי ווי אין אויסלאַנד. איך זאָג, אַז מ׳וואָלט אַראָפּגענומען אַ פוס וואָלט געווען בעסער? נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, עס האָט געקאָנט זיין נאָך ערגער. געלויבט איז גאָט, וואָס ער איז צוריקגעקומען אַ לע־בעדיקער, זעץ זיך, שאולקע מיין פרייד, עס מיט דיין שוועס־טער אַ שטיקל פיש—עס איז איר אַליין אומעטיק—עס אַ שטיקל, עס אַ שטיקל פיש.

שאול: די מאַמע איז גערעכט, אַז מ׳וואָלט מיר אָפּגע־שניטן אַ פוס, טאָ מיט וואָס וואָלט איך איצט אַוועקגעגאַנגען, אַז מ׳טרייבט מיך אַרויס? איך וואָלט געמוזט שפּרינגען, ווי אַ פייגעלע.

מוטער: וואָס האָט איר זיך איינגערעדט מ׳טרייבט, קיינער וועט נישט טרייבן, זיי האָבן אויך אַ האַרץ און פאַר־שטייען, אַז מענטשן לעבן, טשעפּען קיינעם נישט און האַנד־לען זיך מיט וואַלד, טאָ זאָלן זיי זיך וואוינען. מאַכט נאָר נישט קיין סקאַנדאַלן און געדענקט, אַז איר זייט נישט ביי זיך אין דערהיים, אַז איר זענט אין דער פרעמד! כ׳ווייס, ווי עס איז וועלן מיר זיך אַדורכלעבן און אונזערע קינדער וועלן אויך אַדורכלעבן עס קומען אַרײַן דאַווידזאָן און חיים שמורלא. דאַווידזאָן אַן אַלטער ייִד אומבאַזעגלעך, פּאַמעלעך און באַוועגונגען, גרייסע קליגע אויגן.

שמורלאַ: איך האָב געהערט, איך האָב געהערט, איך ענטליב אייך מיט אייער גאַסט.

מוטער: דאַנק אייך, פאָרט זיך דערוואַרט. איר זעט,

וואָס פאַר אַ טאָכטער מיר האָבן?

**דאַווידזאָן** גייט־צו צום שאַנק, נעמט אַרויס דעם שאָך, אַזוי ווי ער וואָלט געווען ביי זיך אין דערהיים, שטעלט פונאַנדער די פיגורן, ביי קיינעם נישט פרעגנדיק, זייער גלייכגילטיק און קאַלטבלוטיק גוט־נ׳אָוונט לאה. איר געדענקט, ווען מיר האָבן זיך געזעגנט ? וואָס האָב איך אייך דעמאָלט געזאָגט.

**לאה**: וואָס?

**דאַווידזאָן**: איך געדענק אָבער, איך געדענק... בערמאַן, שוואַרצע אָדער ווייסע ?

**מרדכי**: שפּעטער, דאַווידזאָן, שפּעטער.

**לאה**: שטער זיך נישט, פּאַפּאַ, שפּיל, מיר וועט זיך דאַכטן, אַז איך בין טאַקע אין דערהיים נישט קיין גאַסט.

**מוטער**: געוויס ביזטו אין דערהיים, דו עס דערווייל און פּאַפּאַ וועט אַביסל שפּילן.

**מרדכי** זעצט זיך: איין פּאַרטי.

**שמורלאַ** שטעלט זיך הינטערן שפּיל און באַאָבאַכט די שפּיל: די פּאַפּיר׳ן זענען נאָך נישטאָ ? עס וועט מסתמא גיך זיין אַ תשובה.

**דאַווידזאָן** ווידערהאָלט: יאָ, גיך וועט זיין אַ תשובה. איך האָב אייך געזאָגט, לאה, איך געדענק גוט.

**שמורלאַ**: זי האָט אויסגעזען אַ וועלט און פאַרשידענע מוזעען און טעאַטערן און רעדט אַוודאי פראַנצויזיש?

**מוטער**: נו, געוויס רעדט זי פראַנצויזיש. הערסטו? דו רעדסט דאָך פראַנצויזיש, לאהניו?

**שמורלאַ**: נו, וואָס הערט זיך ? וואָס זאָגט מען דאָרטן?

**לאה**: גאָרנישט.

**שמורלאַ**: איבערהויפּט, וואָס הערט זיך? ווי לעבן דאָרטן מענטשן ?

**דאַווידזאָן**: איר ווילט וויסן אַלץ, וואָס אַנדערע מענטשן רעדן, דערפאַר הערט איר נישט, וואָס איר אַליין רעדט.

שמורלאַ: וואָס רעד איך? איך שווייג.

דאַווידזאָן: יעדער מענטש דאַרף אָבער רעדן, יעדער. שמורלאַ.

שמורלאַ: און וואָס רעדט איר, דאַווידזאָן?

דאַווידזאָן: וואָס איך רעד? מאַכט אַ באַוועגונג איך זאָג: שאָך דעם קעניג.

שאול: איינע רעדן און די צווייטע שרייען.

שמורלאַ: דאָס איז אמת, אַ הייליקער אמת.

דאַווידזאָן ווידערהאָלט אויטאָמאַטיש: און אַנדערע שרייען... און אַנדערע שרייען... מאַכט אַ באַוועגונג אָט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, לאה, אַז אַ מענש קערט זיך צוריק אויף דעם אָרט, פון וואַנען ער איז אַוועקגעגאַנגען, איז ער אָדער אַ תלמיד-חכם, אָדער...

מרדכי: אָדער ווער?

דאַווידזאָן: איר געדענקט נישט? נו, נו... איך האָב עס אייך געזאָגט פאַר 7 יאָרן, ווען איר זענט אַוועקגעפאָרן.

מוטער: איר, דאַווידזאָן, זענט איבערהויפּט אַ משוגענער, וואָס סטראַשעט איר זי?

דאַווידזאָן גוטהערציק: איך בין איבערהויפּט אַ משוגע-נער, גוט. איז דאָך אייער מאַן גאָר אַן אָפּגעקלאַפּטע הושענה, ווייל ער פאַרשפּילט ביי אַ משוגענעם.

מרדכי: ניין, איך וועל נישט פאַרשפּילן, איך וועל נישט פאַרשפּילן. זייט רויק.

עס קומען די לערערין און לעוויט. ער — אַ יונגערמאַן, קורצזיכטיק, קוועטשט מיט די אויגן, ווען ער הערט, נערוועזע באַוועגונגען, אַ קלוג גע-זיכט. די לערערין איז יונג מיט העלע האָר, אָנגעטון איינפאַך.

לעוויט: גוט-נ׳אָוונט. איר געדענקט מיך נישט? מיין נאָמען איז לעוויט...

לאה: איך געדענק.

לעוויט שטעלט פאָר: דאָס איז די היזיקע לערערין.

לערערין שטרעקט די האַנט אויפן מענערישן אַרט, זעצט זיך, קוקט אויף לאהן, לאָזט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּ.

לעוויט: נו וואָס, נו ווי? רײַבט די הענט גערוועיש אַ סך געזען? אַ סך געלעזן? יאָ, יאָ, געוויס, אַ סך געלערנט.

לאה: איך געדענק אייך זייער גוט. יעצט האָט איר אַ באָרד. ווי גייט עס אייך?

לעוויט רײַבט די הענט: ווי איך בין אייך מקנא לאה. איר וועט גיך געוויס צוריקפאָרן? וואָס איך מאַך פרעגט איר? איך אַרבעט אויפן זאַוואָד: וואָס איז דאָרט פאַראַן, וואָס צו רעדן.

לאה: זענט איר צופרידן?

שמורלאַ: פאַרוואָס דען נישט, ער איז דאָך דאָרט פאַרוואַלטער, דעם אינזשיניערס געהילף.

לעוויט: פאַרוואַלטער, צו וואָס דאַרף איך עס? וואָס פאַרשטייט איר, שמורלאַ.

שמורלאַ: וואָס הייסט צו וואָס? און געלט? וואָס איז, מ׳צאָלט אייך ווייניק?

לעוויט: הערט אויף. צו לאהן וויפל מאָל האָב איך איר געזאָגט ווײַזט אויף די לערערין לאה בערמאַן איז אַ בריה: אָט דאָס איז אַ בריה! זי האָט אויף קיין זאַך נישט געקוקט און איז אַוועקגעפאָרן אַהין, אין דער גרויסער וועלט. אַן אמתע יידישע טאָכטער, אַ קלוג מיידל, זי וויל זען, זי וויל קענען לערנען, אָטעמען וויל זי, וואָס? דאָס איז איר רעכט, איר לאַכט? דאָס איז איר פליכט, אַ בריה.

לאה: לאָזט... וועגן דעם שפּעטער.

לעוויט הערט נישט, ווי דאָס טרעפט מיט גוטע צושטרייטע מענטשן: זיי פרעגן, זיי פאַלן אָן: צו וואָס איז זי געפאָרן? וואָס הייסט צו וואָס? אויב זי שטיקט זיך דאָ... גאַנץ איינפאַך, ווי איך האָב אייך מקנא געווען... איר וועט מיר ענטשולדיקן, נאָר איך וועל אייך שוין אַביסל דערעסן, איך וועל זיך נישט אָפּטשע-פען, איר זייט דאָך פון דאָרטן, ווי אַ ליכטיקער שטראַל.

לאה: שפּעטער... שפּעטער...

מוטער: מ׳לאָזט איר אַפילו קיין שטיקל פיש נישט אויפעסן.

לעוויט: איך פאַרשטיי, איך שווייג שוין, שפּעטער — געוויס.

לאה: איך וועל נישט עסן. צו די לערערין וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר?

לערערין צומישט: ניין... צי דען...

לעוויט: איר זייט דאָך איירָאפּע — אַ שטיקל איירָאפּע ביי אונז, און מיר זענען מיטלאַלטער.

לאה: דער קאָפּ טוט מיר ווייי, איך וועל זיך צולעגען. גייט צו דער טיר.

מוטער: זי איז מיד, רו זיך אויס, לאהניו, לייג זיך.

לעוויט הייבט זיך אויף אין פּערלעגנהייט: ענטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב זיך אַ וואָרף געטון אויף אייך אַזוי גלייך... און איר זענט מיד, מיר איז דאָך, אָבער, אינטערעסאַנט—איר פאַרשטייט?

לאה: יאָ... עס איז אַלץ איינס.

סאָניעטשקאַ: איך קאָן גיין מיט דיר?

לאה, מוטער און סאָניעטשקאַ אָפּ.

שמורלאַ: איך פרעג נאָר ביי אייך איין זאַך, צו וואָס בין איך אַ ייד, אַז איך גלייב נישט. אמת, איך גיי אין שול אַריין און איך עס נישט קיין טריפה, נאָר פאָרט גלויבן, איך זאָל קאָנען זאָגן מיט אַ ריינעם געוויסן אַני-מאַמין, דאָס קאָן איך נישט. טאָ וואָס פאַר אַ ייד בין איך?

מרדכי: וואָס דען זייט איר?

שמורלאַ: וואָס איך בין? איך בין אַן אָרעמער מענטש, וואָס האָט אַ ווייב מיט 5 קינדער און איך אַרבעט פאַר זיי, ווער בין איך?

לעוויט: איר פאַר זיך זייט גערעכט. נאָר איר שטייט אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט, וועלכער איז אַליין פאַר זיך נישט גע-רעכט...

דאַווידזאָן: קאָנט איר זאָגן, אַז עס וואַקסט אַ בוים? יאָ—אָבער יעדער בוים האָט אַ נאָמען: סאָסנע, אַ דעמב, אַ בע-ריאָזע, אָבער אַ בוים אָן אַ נאָמען איז נישטאָ.

שמורלאַ: אָבער, אַז איך גלויב פּאָרט נישט, וואָס איך
דאַן ?

דאַווידזאָן: ווי לאַנג קיינער האָט אייך נישט געטשע-
פּעט, איז אייך גאָרנישט איינגעפאַלן צו קלערן צי איר גלויבט
אָדער נישט. ווי נאָר מ'האָט אייך באַוויזן אַ קולאַק, האָט איר
שוין אויפגעהערט צו גלויבן.

לעוויט: דאָס איז גוט געזאָגט, גוט!

שמורלאַ: איך בין נישט ספּינאָזאַ, און נישט ראָטשילד.
איך פרעג נאָר, וואוהין וועל איך גיין ? וואוהין ? איך האָב
נישט וואוהין.

מרדכי: מ'נעמט דעם טלית און תפילין אונטערן אָרעם
און מ'לאָזט זיך אין וועג אַריין.

שאול: וואוהין?

לעוויט: דאָס פאָדערט די הערשנדע מאַכט, איר פאַר-
שטייט ?

מרדכי: מ'גייט.

דאַווידזאָן: פון דער צייט אָן, ווי דאָס יודנטום עקזיס-
טירט און דאָס איז שוין 6000 יאָר — האַלט עס אין איין גיין,
אין איין באַוועגן זיך. טאָ וואָס האָט איר זיך יעצט אַזוי
דערשראָקן ? איז עס דען פאַר אייך אַ נייעס ? מיר זענען צו
דעם געוואוינט, מיר בלייבן קיינמאָל נישט זיצן לאַנג אויף
איין פּלאַץ, מיר מוזן גיין, אימער ווייטער, אימער פאָרווערטס,
און אויב איר אַליין פאַרגעסט וועגן דעם, געפינען זיך שוין
גוטע מענטשן, וועלכע דע־מאָנען עס אייך מיטן קולאַק.

משה: פאַרוואָס דאַרף מען אונז דערמאָנען מיטן קולאַק?

דאַווידזאָן: ווייל מיר זענען אַ פאָלק אָן האַרמאַטן און אָן
פּולווער, אַ פאָלק, וועלכעס דערהרגעט נישט און פאַרוואונדעט
נישט.

לעוויט: מיר געפעלט אייער אַרט דענקען.
דאַווידזאָן: אים געפעלט מיין אַרט דענקען.

עס קומען די מוטער.

לעוויט: אָבער ביי דעם יעצטיקן צושטאַנד טאָר קיין

איינער נישט בלייבן אויף זיין אָרט. אָט זי איז אַוועקגעפאָרן און האָט געלעבט גאַנץ באַזונדער, נישט קלערנדיק וועגן דעם יודנטום, נאָר וועגן אייראָפּע, זייער שיין! זייער גוט, מ'איז באַרייט צו שרייען, זי האָט פֿאַראַטן איר יודנטום! ענטשולדיקט! אַזוי, ווי דאָס יודנטום וואָלט געווען איין זאַך, און מיר אַ צווייטע זאַך! דאָס יודנטום — דאָס זענען מיר: איך, ער, זי, דאַווידזאָן, שמורלאַ. די צייט בלייבט נישט שטיין אויף איין אָרט; דער תנ"ך איז אַן אויסגעצייכנט בוך, אָבער געטעס ווערק, מיינט איר, זענען שלעכט? און דאַרווין? און שטירנער? אויף וויפל דאָס אַלעס איז גוט — איז עס מיין, איך נעם עס, איך דרינג עס איין. וואָס? אויב איך וועל טון אַנדערש, וועל איך אָפּשטיין פון דער ענטוויקלונג פון דור, און אַלע וועלן מיך דעריאָגן.

שאול: זיי וועלן דיך אַרויסיאָגן, אָבער נישט דעריאָגן.

לעוויט: זאָל זיין אַזוי. אויב די הערשנדע מאַכט געפינט, אַז עס וועט איר ברענגען נוצן. אָבער פאַרוואָס יאָגן זיי? אויף דעם וועל איך אייך ענטפערן: ווייל איר האָט עס כשר פאַרדינט. איר דאַרפט זיין מיט אַלע, ווער עס אַרבעט — נישט אָפּשטיין. די פראַגע מוז מען זיך דערקלערן קייגנזייטיק. עס איז גאַנץ קלאָר.

שמורלאַ: דעריבער דאַרף איך טאָפּלט ליידן. ערשטנס, ווייל איך בין אַ ייד, און צווייטנס, ווייל איך בין אַ קבצן.

לעוויט: איר ליידט דערפאַר, ווייל איר זענט אַ שלעכטער ייד און אַ שלעכטער קבצן.

לערערין: ער איז געוויס גערעכט. איצט מוז איינער דעם צווייטן געבן די האַנט און העלפן—אַ קריסט אַ ייד —אַלץ איינס. דאָ קאָן נישט זיין קיין אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט.

דאַווידזאָן: עס קאָן נישט זיין? עס איז זייער אָנגענעם צו הערן, מאַדעמואַזעל.

לעוויט: ווייטער פון אייער תנ"ך ווילט איר גאָרנישט זען און לעזט גאָרנישט. איר שטייט אָפּ פון יאָרהונדערט און דערנאָך שרייט איר: אַך, אַך! ווער איז שולדיק?

מוטער: לעוויט, אַז איר רעדט אַזוי, איז אומאָנגענעם צו הערן, וואָס האָט אייך געטון אונזער תנ״ך? לעזט זיך איי־ערע קלוגע ביכלעך און לאָזט צופרידן דעם תנ״ך.

שאול: אָט, עס איז דאָ נאָך אַ בוך! דער „וואוינסקי אוסטאַוו.“

שמורלאַ: אייך איז גוט צו רעדן, אַז איר האָט נישט קיין ווייב מיט 5 קינדער.

לעוויט: איך האָב אייך געמאַכט אייערע קינדער? איר אַליין דאָך.

שמורלאַ: נו, איך אַליין... דאָ זאָגט איר שוין נישט, אַז איינער דעם צווייטן דאַרף העלפן.

מוטער: מ׳האָט זיך פאַררעדט, און קיינער האָט אַפילו קיין שטיקל פיש נישט געגעסן. נעמט דעם טעלער, גייט אָפּ, קומט גלייך צוריק, שעפּטשעט אויפגע־יעגט פון פּאָליציי. שטעלט צוריק דעם טעלער. אַן אויפרעגונג וועלכע אַלע באַמיען זיך צו פאַרמאַסקירן מיט גלייכגילטיקייט. דאַווידזאָן שפּילט ווייטער, עס קומט אַריין אַ באַאַמטער פון פּאָליציי; נעמט נישט אַראָפּ דאָס היטל, אין האַנט אַ פּאָרטפעל, מיד.

באַאַמטער: גוט־נ׳אָוונט, מיינע הערן! שטרעקט די האַנט בעריִמאַנען אַ הינטישע דינסט זעצט זיך גיט אַהער טינט.

מרדכי: אונטערשרייבן זיך?

מוטער: טינט? באַלד וועל איך ברענגען טינט. משה, וואו איז דער טינט?

באַאַמטער קוקט אויף די פּיש: איר האָט שוין אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט?

מוטער: עסט, מיין הער, אַ שטיקל פּיש. צו וואָס דאַרפט איר טינט?

באַאַמטער: איך האָב נישט קיין צייט, איך האָב נישט קיין צייט.

מוטער: אַ שטיקעלע גוטע יידישע פּיש... וועלכער קריסט ענטזאָגט זיך פון אַ גוט שטיקעל יידישע פּיש?

באַאַמטער: אַ שטיקעלע וועל איך עסן.

מוטער דערלאַנגט: באַלד, באַלד! צו משהן, וועלכער האָט גע־

בראכט טינט גיי, מיט דיין טינט, לאָז אַ מענטשן זיך אָפּרוען! דו זעסט דאָך, אַז זיי זענען באַשעפּטיקט.

באַאַמטער עסט, ברומט: מ... מ׳דאַרף, מ׳דאַרף, שאַרט צו דעם טינטער צו זיך.

מרדכי: דאָס איז אַן ענטפער אויף אונזער ביטע?

באַאַמטער ברומט און פּאַטאַקעוועט: מממממממ...

מוטער: וואָס שטערסטו זיי? לאָז זיי אָפּעסן, זיי זענען הונגעריק.

מרדכי: זאָלן זיי עסן צו געזונט, איך פרעג נאָר, וואָס פאַר אַ תשובה?

באַאַמטער היסטעריש: איך שרייב דען די פּאַפּירן? איך שרייב נישט די פּאַפּירן. פון מיינעטוועגן וואוינט זיך דאָ, ווי לאַנג אייער האַרץ גליסט, איך שרייב נישט די פּאַפּירן.

מרדכי לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ, פויזע. דאַווידזאָן הייבט-אויף דעם קאָפּ, דער באַאַמטער עסט מיט אַפּעטיט.

שאול: אַהאַ! שאַגאָם מאַרש! לאַכט ביטער.

שמורלאַ: איך אויך?

באַאַמטער: זאָגט נאָר, איך בעט אייך, מיט וואָס זענט איר עס בעסער פון אַנדערע? איך אויף! איך אויך!

מרדכי: אַזוי, אַזוי... פויזע יאָ, יאָ.

באַאַמטער: איר האָט 2 וואָכן צייט, האַלט זיך אַן עצה, אפשר וועט איר עפּעס אויסטראַכטן...

לעחיט און לערערין אָפּ.

מרדכי: וואָס איז שוין דאָ פאַראַן אויסצוקלערן?

באַאַמטער נעמט ארויס פון פּאָרטפעל פּאַפּירן: אָט דאָ: דעם נאָמען און פאַמיליע.

מרדכי צום זייב: וואו זענען מיינע ברילן? נעמט די פּאַפּירן באַלד, באַלד. בייגט זיך אין צום באַאַמטן אין אַ סוד פילייכט קאָן מען...

באַאַמטער היסטעריש הויך: אַז מ׳קאָן נישט! ס׳איז אוממעגלעך! איך זאָג דאָך אייך אויף מיין ערנוואָרט, מאָדנע מענטשן! איר זעט דאָך פון וועמען דאָס פּאַפּיר איז! פון פּעטערבורג!

מוטער: אָט זענען דײַנע ברילן, מאָטל.
מרדכי זעצט זיך, טוט אָן די ברילן, שרײַבט אונטער פּאַמעלעך,אַלע, קוקן. ער גיט אָפּ דעם פּאַפּיר, באַאַמטער שטייט אויף: אין צוויי וואָכן.
באַאַמטער: דאָס איז דאָך אַ סך צײַט. דערלײדיקט אײַערע געשעפֿטן פֿאַרקויפֿט דאָס הויז, דאָס איז אײַער אייגן הויז?
מוטער: אונזערס, אונזער אייגענס.
באַאַמטער: אַ גוט הויז, אויף מײַן ערנוואָרט. די מעבל פֿאַרקויפֿט — וועט איר האָבן געלט. מיט געלט וועט איר אין ערגעץ נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן. איך וואָלט אַליין געקויפֿט בײַ אײַך, ווען איך וואָלט געהאַט געלט.
שאול: ווען זאָל מען פֿאַרקויפֿן, אַז אַלע פֿאָרן אַוועק?
באַאַמטער: דאָס איז נישט מײַן געשעפֿט. דאָס ווייס איך נישט. לייגט צוזאַמען די פּאַפּירן.
מוטער צו מרדכי: וואוהין וועסטו גיין? ביזט אַלט 68 יאָר... אַלטער, אַלטער... די פֿיס זענען דיר שוואַך, די אויגן זענען קוים. וואוהין וועסטו גיין, מאָטל? נעמט אים ארום וויינט.
מרדכי: שטילער, שטילער... וואָס וויינסטו? דו זעסט דאָך, אַז מיר האָבן געסט.
מוטער: געסט? מיר האָבן שוין קיין הויז נישט, טאָ וואָס פֿאַר אַ געסט קאָנען דאָ זײַן?
באַאַמטער: נו, זײַט געזונט! איך זאָג, אַז אַ גוט שטיקל פֿיש קאָן נאָר אָפּקאָכן אַ ייד.
מוטער: צום געזונט, צום געזונט.
דאַווידזאָן געזעגנדיק זיך מיטן באַאַמטן: און פֿאַר מיר האָט איר נישט קיין פּאַפּיר?
באַאַמטער: פֿאַר אײַך איז אויך דאָ. עס איז דאָ פֿאַר אַלעמען. מ׳האָט קיינעם נישט פֿאַרגעסן, מאָרגן אינדערפֿרי וועל איך זײַן בײַ אײַך. זײַט געזונט. אָפּ.
משה: גייט־צו צום פֿאָטער פּאַפּאַ, וואָס וועט מיט אונז זײַן?
מרדכי: מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען איך בין געווען

אַזאַ יינגל, ווי דו — האָב איך אויך אַמאָל געפֿרעגט בײַ מײַן פֿאָטער: פֿאָטער, וואָס וועט פֿון אונז ווערן? און ער האָט מיר געענטפֿערט—ער האָט מיר געענטפֿערט דאָס, וואָס איך וועל דיר זאָגן—מיט די אייגענע ווערטער... מיט אַ סך יאָרן צוריק...

**מוטער**: דאָס הויז פֿאַרקויפֿן... דעם טיש... די בעטן... אַלץ... אַלץ... *דערזעט שאולן, וואַרפֿט זיך צו אים* שאולקע, מײַן קינדיקע... מײַן זון... *וויינט* נאָר יידן קאָנען קאָכן פֿיש...

*אין טיר באַווײַזן זיך לאה מיט סאָניעטשקע, אַרומגענומען זיך.*

**לאה**: ווידער גיין... ווידער...

פֿ אָ ר ה אַ נ ג.

# צווייטער אקט.

די זעלבע דעקאָראַציע ס'פעלט א טייל פון מעבל, צ. ב.
די אַלטע שאַנק איז נישטאָ, אַרונטערגענומען די פאָרהאַנגען.
קאַלט, אומבאַקוועם. דאָס הויז מאַכט אַן איינדרוק, אַזוי ווי עס
וואָלט געווען נישט באַוואוינט, אומאָרדנונג... לאה זיצט בייב
פענסטער אָנגעטון אין א גרויסן גרויען טוך, קוקט גלייכגילטיק.
אַז מ'רעדט, דרייט זי אפילו דער קאָפּ נישט אויס. נעבן איך —
סטַניעטשקע, אויף א שטול זיצט לעווים.

**לעוויט:** עס איז שוין כמעט צוויי וואָכן, ווי איר זענט געקומען צו פאָרן, און איך האָב מיט אייך אַפילו נישט גערעדט, ווי געהעריק.

**לאה:** וועגן וואָס?

לעוויט: אַז מ׳וואַרט אַזוי לאַנג צו טרעפן אַ מענטשן, קאָן זיך געפינען אַ סך מאַטעריאַל וועגן וואָס צו רעדן. איר האָט אַזויפיל געזען: ווי לעבן דאָרט די מענטשן? וואָס קלערן זיי וועגן דער צוקונפט.

לאה: לעבן.

לעוויט: לעבן — געוויס. די הויפטזאַך איז אינטערעסאַנט, וואָס וועט זיין ווייטער? דאָ איז נישט דאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, אויב נישט די לערערין וואָלט מען דאָ געקאָנט משוגע ווערן. נו, איר האַלט אין איין שווייגן.

לאה: וואָס זאָל איך זאָגן?

לעוויט: איר שווייגט שטענדיק.

סאָניעטשקאַ: זי איז אַ שטיינערנע, דו ביזט אַ שטיינערנע, לאהניו, איך האָב געלעזן וועגן אַזאַ.

לעוויט: אפשר זענט איר נישט געזונט?

לאה: איך בין געזונט.

לעוויט: געזונט. נאָר וואָס דען?

לאה: עס איז מיר קאַלט.

סאָניעטשקאַ: אַזוי זאָגט זי שטענדיק, פאַרוואָס איז דיר קאַלט?

לאה: איך ווייס נישט.

סאָניעטשקאַ: איך פאַרשטיי נישט.

לעוויט: איבערמאָרגן פאָרט איר אַוועק, איך וועל אייך מער נישט זען. פויזע איך וועל אייך קיינמאָל נישט זען.

לאה: און איר?

לעוויט: וואָס קלערט איר וועגן מיר? איך וועל נישט פאַרפאַלן ווערן.

לאה: איר בלייבט דען?

לעוויט איך ווייס נאָך נישט, איך האָב נאָך נישט געקלערט וועגן דעם.

סאָניעטשקאַ: ווי אַזוי קאָנט איר דאָ בלייבן, אַז קיין

יידן טאָרן דאָ נישט וואוינען? אפשר ווילט איר איבערבייטן אייער רעליגיע—צוליב באַקוועמלעכקייט. ענטפערט, ניין? ענט-פערט.

לעוויט: איך... איך האָב נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו קלערן וועגן דעם. שטרעקט איר די האַנט.

סאָניעטשקאַ: איך וועל אייך די האַנט נישט געבן ניין, אויב אַלע פאָרן אַוועק, דאַרפט איר אויך פאָרן. איך וויל אייך אַפילו נישט אָנקוקן שנעל אין כעס אַפּ.

לעוויט: אַ גוטעס מעדכן, אַ וואונדער שיינעס מעדלכן, איר ווייסט אָן וואָס זי ערינערט מיך?

לאה: וואָס?

לעוויט נאָך אַ פויזע, רײַבט די הענט: זי ערינערט מיר אייך... ביז איר זענט אַוועקגעפאָרן.

לאה הייבט-אויף דעם קאָפּ: מיר? שטייט-אויף גייט הין און צוריק איבערן צימער.

לעוויט: מיט 7 יאָר צוריק—יאָ.

לאה: מ'דאַרף נישט... מ'דאַרף נישט.

לעוויט: וואָס דאַרף מען נישט?

לאה: צו וואָס זעגען די ערינערונגען? צו וואָס?

לעוויט: איר זענט דאַן געווען גאָר אַן אַנדערע... גאָר אַן אַנדערע.

לאה: מ'דאַרף נישט.

לעוויט שטעלט זיך אויף: זאָגט מיר איין וואָרט, וועל איך גיין מיט אייך, וואוהין איר וועט גיין—דאָרט גיי איך.

לאה גייט הין און צוריק, ענטפערט נישט.

לעוויט: זאָגט מיר...

פון דערווײַטנס פון גאַס, הערט זיך דאָס שפּילן פון אַ פידל און חער-טער פון ליד.

דער ווינט בלאָזט אין פעלד, די זון זינקט אין ים —

מענטשן, האָט רחמנות אויף אַ בלינדן אָרימאַן.
שווערער פון טרערן, שווערער פון לייד
איז דער ווייטער וועג אָן אַ סוף און אָן אַ ברעג.

די ערשטע, צווייטע פּערזון זינגט מענערשטימע אַן אַלטע אַ נידער־געשלאָגענע, צו די לעצטע פּערזון העלפּט די קלינגענדיקע שטימע פון אַ יונג מיידעלע. דער מאָטיוו איז אַן איינפאַכער.

**ל א ה** פויזע. שטעלט זיך פאַר לעוויטן, קוקט אים גלײַך אין די אויגן.

**ל ע ו י ט**: וואָס?

**ל א ה** לאָזט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ: פאַרוואָס פרעגט איר נישט, ווי איך האָב געלעבט אין אויסלאַנד?

**ל ע ו י ט**: ווי איר האָט געלעבט?

**ל א ה**: צווישן יונגעלייט, איך בין דאָך יונג, פאַרוואָס פרעגט איר נישט?

**ל ע ו י ט** גיט כמעט אַ קוויטש, דערשראָקן: איך פרעג נישט ביי אייך... איך פרעג נישט ביי אייך. איר ווילט מיך באַליידיקן.

**ל א ה** שמייכלט: אַ נייע ווענדונג: איצט פרעגן זיי שוין נישט.

**ל ע ו י ט**: לאה, נישט אַזוי רעדט מיט מיר.

**ל א ה**: ער האָט מיר געזאָגט: דער, וואָס קערט זיך אום צוריק, איז אָדער אַ תלמיד־חכם, אָדער — אַ טויטער. איך בין אַלדזאָ, טויט, עס איז מיר קאַלט.

**ל ע ו י ט**: דאָס איז נישט אמת.

**ל א ה**: פריער האָב איך געדענקט, און האָב זאָגאַר גע־גלייבט, אַז דאָרט וועט מען מיך דאַרפן, און יעצט ווייס איך, מיך דאַרף קיינער נישט, ווי שרעקלעך דאָרט איז.

**ל ע ו י ט**: וואו איז שרעקלעך?

**לאה:** אין דער גרויסער שטאָדט — באַזונדערס אין די אָוונטן, ווער עס האָט געלט — זיצט אין טעאַטער, אין קאַפעס, און דער, וואָס האָט נישט קיין געלט, וואַנדערט אָרעם אין די גאַסן, גייט אָן אַן אויפהער און רעדט מיט זיך אַליין — נאָר דערפאַר, ווייל עס איז נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן אין פרילינג בין איך שיער נישט געשטאָרבן.

**לעוויט:** שיער נישט...

**לאה:** איך האָב אויסגעטרונקען עפּעס אַ פּאַסטקודסטווע, איך האָב זיך געוואָלט סמ'ען, לאָזט מיך, לאָזט — איך בין טויט... איר דאַרפט מיך נישט.

**לעוויט:** איך גלייב דאָך נישט, דאָס זענט נישט איר.

**לאה:** יאָ, יאָ — דאָס בין איך נישט, נישט די זעלבע, נישט דאָס, וואָס עס איז אמאָל געווען.

**לעוויט:** איך פרעג נישט ביי אייך, וואָס עס איז געווען פריער. פיליכט איז אייער האַרץ געווען מיט אַן אַנדערן — דאָס אַרט מיך נישט! עס איז נאָך בעסער! ווייל איר קאָנט דאָס לעבן. *נעמט אירע הענט* דער מענטש לעבט אַריבער זייער פיל, דער מענטש — דאָס איז דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט! ווען צו אַ מענטש גייט יעמאַנט צו און זאָגט: „איך ליב דיך" און קוקט איר אין די אויגן, און וואַרט — דאַן האָפט ער, נישט צוליב איר, נישט צוליב זיך — נאָר צוליב דער צוקונפט. עס טרעפט, אַז זי איז מיט אים זייער גליקלעך, אַז זי האָט אים די ערשטע צייט נ... ננג... נישט אַזוי ליב, זאָל זיין, אַז איך בין דער יעמאַנד, עפּעס אַ מענטש, אַן אומבאַקאַנטער, וועלכער קומט און זאָגט: לאה, דו פרייד פון מיין האַרצן, איך האָב דיך געקענט, ווען דו ביזט געווען אַ זאָרגלאָז מיידל. איך האָב געהערט דיין געלעכטער: יעצט האָב איך דיך ווידער געטראָפן, דיינע טרערן ברענען מיין האַרץ, ווי קאָן איך שווייגן? איך שווייג נישט, איך האָף, זאָל ער האָפן? וואָס? זאָג, זאָג מיין פרייד.

**לאה** *פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט די הענט נאָר פאַרלאָזט אים נישט.*

לעוויט: וואָס איז? וואָס איז?

לאה ניסט איינהאַלטנדיק די טרערן: איך ווייס נישט... איך בין אַ נאַר.

עס קומט די לערערין, טרעט אָפּ אַמלגדיק פון לאהן.

לערערין: עס איז אמת, אַז איר פאָרט איבערמאָרגן אַוועק?

לאה גייט צום פענסטער, קערט זיך נישט אום: יאָ. פויזע.

לעוויט: איך וועל אַן אַנדערש מאָל אַריינגיין!

לערערין: איך האָב געשטערט?

לאה: ניין.

לערערין צו לעוויט: מ'האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט אַוועק פון אייער שטעלע.

לעוויט: דערווייל נאָך נישט, אַדיע.

לערערין: איר פאָרט אויך איבערמאָרגן אַוועק?

לעוויט גייט דערהערנדיק. אָפּ.

לערערין: ער פאָרט אויך אַוועק?

לאה: איך ווייס נישט... דאַכט זיך.

לערערין: ער זאָגט וואָס איז דאָס אַזוינס תנ"ך — אַ ביכל! לאַכט איך פלעג מיט אים זיך קריגן, און יעצט... עס איז אָבער זייער גוט, וואָס ער האָט געהאַט אַ טעות. ער איז זייער צושטרייט און קורצזיכטיק איר האָט באַמערקט? אַלע קורצזיכטיקע האָבן זייער גוטע אויגן.

לאה זייער באַטראַכטנדיק: האָט ער דען גוטע אויגן?

לערערין: זייער, ער האָט ריינע גוטע אויגן. ער האָט מיט מיר זייער פיל גערעדט וועגן אייך.

לאה: וואָס האָט ער גערעדט? ער האָט מיך געקענט, ווען איך בין געווען אַ קליין מיידל.

לערערין: יאָ. פאַרקלערט זיך דאָס איז דאָך נישט אמת אַז יידן האַסן אַלע קריסטן?

לאה: ניין, ניין!

לערערין: די לעצטע טעג באַמי איך זיך, וואָס ווייניקער אַרויסצוגיין אין גאַס. אַז איך טרעף אַן אַלטן ייד מיט

אגרויער באָרד, דריי איך זיך אָפּ. איך שעם זיך אים צו קוקן אין די אויגן. ער שווייגט—אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ער באַשולדיקט מיך, מיר דאַכט זיך, אַז איך טרייב אים אַרויס אין.. אייך...

א לאַנגע פּויזע. לאה גייט־צו צו דער לערערין.

**לערערין**: ביי אייך בלישטשען די אויגן, איר האָט זיך זייער פאַרענדערט.

**לאה**: פאַרענדערט?

**לערערין**: אַן אַנדער געזיכט האָט איר גאָר באַקומען — אַזוי פריש און גאָר יונג, איר זענט איצט ענלעך צו סאָניעטשקען, איך האָב אייך נאָך קיינמאָל נישט געזען, איר זאָלט אַזוי גוט אויסזען.

**לאה** שמייכלט אומנאַטירלעך: איך האָב געוויינט.

**לערערין**: געוויינט?

**לאה**: גאָר אָן אַ סבה. אָדער ריכטיקער געזאָגט איך וויים אַליין נישט. איך בין ענלעך אויף סאָניעטשקען? אָ, ער פאָרט אויך אַוועק.

**לערערין**: ווער?

**לאה**: איר האָט פריער געפרעגט, ער וועט אויך אַוועק פאָרן.

**לערערין** קוקט אויף איר: יאָ.

**לאה** לאָזט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּ: אַזוי האָט זיך מיר אויסגעדאַכט. מיט א לאַכן שמייכל אַלע קורצזיכטיקע האָבן גוטע אויגן... אַזוי דענקט איר?

**לערערין**: וואָס?

**לאה**: פאַרוואָס ווילט זיך מיר עפּעס לאַכן? איך בין אַ שטיין, אַזוי ווי סאָניעטשקאַ זאָגט — און פונדעסטוועגן ווילט זיך מיר לאַכן.

**לערערין**: וואָס איז מיט אייך?

**לאה**: דאָס איז פון די נערוון, אמת? וואָס האָט ער אייך געזאָגט וועגן מיר? איר זענט שוין לאַנג מיט אים באַקאַנט? ער געפעלט אייך?

לערערין: געוויס דאַרף ער אַוועקפאָרן.

לאה: פאַרוואָס—פאַרוואָס עפּעס געוויס?

לערערין: יאָ, איבעריגנס איז אַלץ איינס.

אין טיר קומט א פויער, מיטעלע יאָרן, גאָך אים די מוטער. צו באַמערקן, אַז די מוטער איז זייער אומצופרידן מיט זיין קומען, רעדט מיט אים שטיל און אַיילנדיק, אַזוי ווי זי וואָלט וועלן אַמשנעלסטן פון אים פּטור ווערן.

פויער: און מיר האָט מען געזאָגט, אַז דער אַלטער בערמאַן איז אין דערהיים.

מוטער: וואָס דאַרפסטו בערמאַנען? אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעפאָרן בערמאַן.

פויער: און ווען וועט ער קומען?

לאה און לערערין אומבאַמערקבאַר אָפּ.

מוטער: צי וואָס דאַרפסטו אים?

פויער: איך בין, הייסט עס, געקומען פון דאָרף, איך האָב צו אים אַ געשעפט. אפשר וועט ער רחמנות האָבן.

מוטער: גיי זיך, גיי, בערמאַן איז נישטאָ, נישטאָ.

עס קומט מרדכי.

מרדכי: וואָס איז עס?

פויער בוקט זיך: פּאַניע בערמאַן.

מוטער צום מאַן: וואָס ווילסטו? איך וועל שוין אַליין מיט אים רעדן.

פויער: איר האָט ביי מיר, פּאַניע, דאָס שטיקל וואַלד געקויפט און האַנטגעלט געגעבן, און איצט, זאָגט מען, אַז איר פאָרט אַוועק, טאָ וואָס וועט זיין מיטן וואַלד?

מרדכי: איצט דאַרף איך נישט דעם וואַלד.

פויער: און וואָס וועל איך מיט אים טון? אפשר פאָרט איר נישט אינגאַנצן אַוועק?

מרדכי: ניין, איך וועל צוריק נישט קומען, איך פאָר אַוועק.

פויער: און וואָס וועל איך טון? וואָס וועל איך טון מיטן וואַלד? איך מוז דאָך צאָלן — און פון וואַנען וועל איך נעמען?

מרדכי: אַזוי, אַזוי.

פויער: איך האָב מיר אַ קלער געטון: איך וועל צו-פאָרן, מרדכי בערמאַן איז אַ גוטער מענטש, ער וועט מיר באַ-צאָלן, אַזויפיל יאָרן צוזאַמען געהאַנדלט. וואָס וועל איך איצט טון מיטן וואַלד? פון וואַנען וועל איך נעמען? איך בין אַ גאַנ-צע נאַכט געפאָרן, און אָט בין איך געקומען.

מרדכי: איך האָב דיר געגעבן האַנט-געלט אויפן וואַלד וויפל, 20?

פויער: אַיאָ, 20.

מוטער: איך זע שוין, ער וויל ווידער באַצאָלן. משוגע דאַרף מען זיין, איצט ווען מ'דאַרף יעדן גראָשן, נעמט דער אַלטער משוגענער און וואַרפט געלט דורכן פענ-סטער. וואַרף, וואַרף! דו האָסט דען קינדער? דו האָסט דען אַ פאַמיליע?

מרדכי: איך האָב דאָך, אָבער, געגעבן מיין וואָרט, קאָן איך דען מיין וואָרט נישט האַלטן?

מוטער: ווער ביזטו, ראָטשילד, אַז דו מוזט האַלטן דיין וואָרט? דאָס קומט שוין דער דריטער צו דיר, זיי ווייסן אַז דו ביזט אַ נאַר, קריכן זיי דיר אויפן קאָפּ. וואָס, ער האָט אַ דאָקומענט? ער האָט גאָרנישט. אפשר האָסטו אים גאָרנישט געזאָגט און גאָרנישט באַשטעלט.

פויער: וואָס פאַר אַ דאָקומענט? אַזויפיל יאָרן געהאַנדלט צוזאַמען! וואָס פאַר אַ דאָקומענט?

מוטער: אויב דו וואָלסט דעם ערשטן אַרויסגעטריבן און קיין געלט נישט געגעבן, וואָלטן זיי צו דיר נישט גע-קראָכן, אַזוי ווי די גזלנים. ער וועט דאָך דאָס געלט באַלד פאַרשכורן. גורעוויטש צאָלט? שיינעס צאָלט? ברידער קאָהן צאָלן? נאָר דו ווילסט זיין פרימער און קלוגער פאַר אַלע-מען.

מרדכי: לאָז מיך צורו! גיט דעם פויער געלט.

מוטער: איך וויל עס נישט זען, נעם דאָס געלט און

פאַרברען עס בעסער אויפן ליכט—וועט כאָטש זיין אַן אילומי-נאַציע.

**מרדכי** צום פויער: ריכטיק?

**פויער** איבערציילנדיק: ריכטיק. גיט אים די האַנט זייט געזונט. אָט אַזוי פאַרשטיי איך. ווער עס איז אַן אמתער מענטש, עס איז אַלץ איינס, אַן אונזערער אָדער אַן אייערער. ווער עס איז, אָבער אַ טפו, שפּײַט! טאָ דאַוונען און צערקווע, אין שול — ווסיאָ ראַוונאָ, טשאָרטאַ סטאָיט. בלייבט מיר געזונטער-הייט, צו מוטער אָט איז אַ מענטש: זיין וואָרט — איז אַזוי ווי מיט אַ טשוואָק צוגעקלאַפּט, אַן אָדלער.

**מוטער** דאַרט—בורטשנדיק: גיי שוין, גיי.

**פויער**: און דאָס, וואָס איר זאָגט, אַז איך וועל דאָס געלט פאַרשכורן, איז עס נישט ריכטיק. איין גלעזל וועל איך יאָ אויסטרינקען, ווי מ׳זאָגט פאַר אייער געזונט, אָבער מער קיין טראָפּן נישט, זייט געזונט. אָפּ.

**מוטער**: דו ביזט ערגער פון אַ קליין קינד, מ׳דאַרף אויף דיר אַכטונג געבן. דו האָסט דאָך דערוואַקסענע קינדער און אַ זון אַ קאַליקע. אונזער אומגליקלעכער קאַליקע וועט גיין אונטער די פענסטער בעטלען אַ שטיקעלע ברויט, און דער זעלבער שכור וועט אים זאָגן: גיי אַוועק, זשיד, פּאַשאָל וואָן!

**מרדכי** פאַרקלערט: ניין, דער וועט נישט זאָגן, ער קאָן נישט, ער קאָן נישט זאָגן.

עס קומט שמרלאַ. די מוטער, אַזוי ווי זי וואָלט וועלן, ער זאָל זי באַשיצן, באַקלאָגט זיך און גלײַכצייטיק האַלט זיך גרויס.

מוטער: שמורלאַ, זעט, איר צאָלט אויף אַלע אײַערע חובות און צורייסט אַלע וועקסלען, אַזוי ווי מיין משוגענער? ער האָט שוין פונאַנדערגעגעבן מער ווי 200 רובל, כאָטש זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום צעטל, איר טוט אויך אַזוי?

**שמורלאַ**: איך האָב דאָך אים געזאָגט, אַז די וועקסלען קאָן מען פאַרקויפן פאַר 25%, וואָס איך האָב אייך נישט געזאָגט?

מוטער: דו הערסט? אָט, וואָס קלוגע מענטשן זאָגן!
מרדכי: איך הער נישט, איך הער גאָרנישט, בײַט די טעמאַ און וואָס טוט איר, שמורלאַ? וואוהין פאָרט איר?
שמורלאַ קוקט נישט: איך האָב דאָך אייך געזאָגט, זיי האָבן מיר ערלויבט דאָ צו בלייבן נאָך אויף אַ קורצער צייט.
מוטער: פאַרוואָס עפּעס? קיינעם ערלויבט מען נישט און אייך יאָ?
שמורלאַ: פאַרוואָס, פאַרוואָס? פרעגט בײַ זיי, איך בין געפאָרן אין שטאָדט... צום גובערנאַטאָר אַליין און... האָב אים... געזאָגט: וואָס אַרט אייך, אַז אַן אָרימער ייד וועט... בלייבן נאָך אויף איין חודש? וואָס אַרט עס אייך? ער וועט אייך אייער רוסישע פּאָליטיק קאַליע מאַכן?
מרדכי: איין חודש?
שמורלאַ: מיט איין וואָרט, וואָס וועל איך אייך דאָ לאַנג דערציילן, איך בלייב נאָך דאָ וואוינען. זיפצט מיינע שונאים זאָלן אַזוי וואוינען. זאָגט, אפשר האָט איר נאָך וועקס-לען, טאָ גיט זיי אַוועק שאולן. ער האָט נאָר איין האַנט, וועט ער זיי לכל-חפּחות נישט קאָנען צורייסן.
מוטער: איר זענט שוין צוקלוג פאַר מיין מאַן שמור-לאַ. איך פאַרשטיי, אַז ער באַגייט זיך, ווי אַ גראַף. און אַז מיר איז אַ שאָד דאָס געלט בין איך אַ נאַר. גיט ער אָבער איר? וואָס פאַרשטייט איר?
שמורלאַ: איך בין קלוג אָדער נישט — וואָס איז די נפקא-מינה?

עס קומט דאַווידזאָן.

שמורלאַ: זאָל דאַווידזאָן זאָגן, ער איז דאָך אַודאי קליגער פאַר מיר.
דאַווידזאָן אזוי ווי געווײַנלעך גייט צו דעם פלאַץ, וואו עס שטייט דער שאַך, נעמט אים: ווייסע אָדער שוואַרצע? צום לעצטן מאָל וועלן מיר שפּילן.
מוטער: וואָס טוט זיך מיט אייך? וואָס איז איצט פאַר

אַ שפּילן ?

שמורלאַ : אַז צו אים וועט קומען דער מלאך-המות, וועט דאַווידזאָן אים אויך זאָגן: שוואַרצע אָדער ווייסע ?

דאַווידזאָן: און איר וועט זאָגן: גיט מיר אַן אָטסראָש טשקע אויף אַ חודש.

שמורלאַ : פאַרוואָס נישט, איך וועל בעטן אויף דריי חדשים, אויף דריי יאָר.

דאַווידזאָן שטעלט פונאַנדער ד' פיגורן : איר ווייסט, אַז מאָרגן איז אויפן בית-עולם אַן אַלגעמיינער „מזכיר-נשמות"?

מרדכי : יאָ, 9 אַ זייגער.

מוטער: אָ, גאָט מיינער, גאָט מיינער!

שמורלאַ : איך ווייס נישט, צי איך דאַרף זיין, אָדער נישט? איך פאָר דאָך נישט מיט אַלע צוזאַמען.

דאַווידזאָן מיט אַ חשד: זאָגט נאָר, פאַרוואָס האָט דאָס נאַטשאַלסטוואָ אייך מיטאַמאָל ליב געקריגן ?

שמורלאַ : פאַרוואָס ? אָט אַזוי איז זיי געפעלן ! לאָכט אירא̇ניש זיי געפעלט זייער מיין נאָז, בין איך שולדיק?

מרדכי: איר מעגט דאַוונען מיט אַלע צוזאַמען און זיך געזעגענען מיט די, וואָס בלייבן דאָרט...

שמורלאַ: יידן זענען שוין אַזאַ פאָלק, וואָס זיי קלערן נאָר פון די טויטע.

מרדכי : פון די טויטע, פון די טויטע... מיר קלערן וועגן אונזערע עלטערן, אָבער אונזערע קינדער פאַרגעסן וועגן אונז, זיי גייען אַוועק פון אונז, זיי אַרבעטן פאַר אַנדערע פעלקער. פאַרצייטנס איז עס נישט געווען, און איצט, וואָס ווייטער, דאָס מער. מיר זעען זיי גאָרנישט, וואו זענען זיי ? מיר ווייסן נישט, זאָלן זיי וואַרטן אויף זיי, אָדער נישט ? זיי זענען גאָרנישט מיט אונז. זיי זאָגן, מיר זענען פרעמד פאַר אייך, און אַז מיר שרייען דאָ, אין די קליינע שטעטלעך, הערן זיי נישט און רופן זיך נישט אָפּ. טאָ ווער וועט אונז העלפן ? גאָר אומערוואַרטעט עפנט זיך די טיר און זיי קערן זיך אום אויסגעמאַטערטע, קראַנקע, די גאַנצע קרעפטן האָבן

זיי אַוועקגעגעבן די פּרעמדע, אונזערע שונאים... אונזערע שונאים, אַוועקגעגאַנגען יונגע, שטאַרקע, און צוריקגעקומען פאַר-מאַטערטע. אַט דאָס זענען אונזערע קינדער, אונזערע זין, אונ-זערע טעכטער...

מוטער: זיי האָבן איר דאָרט אַוועקגעהרגעט, זי איז דאָך גאָר קיין מענטש נישט, אַ זקנה!

מרדכי: זיי זאָגן: מיר פאַרלאַנגען גאָרנישט, מיר ווילן גאָרנישט, גיב אונז נאָר אַ ווינקל, לאָז אונז זיך נאָר אויסרוען. און אַז דאָס ווינקל איז אָבער נישטאָ? ווי אַזוי קאָן עקזיסטירן אַ פאָלק, אויב זיין יונגער דור, זיינע קינדער אַר-בעטן פאַר פרעמדע, און אַלץ, וואָס עס האָט, דאָס בעסטע גיט עס אַוועק די פרעמדע?!

דאַווידזאָן: איז דען נישט אַלעמאָל אַזוי געווען? האָבן מיר דען נישט אַוועקגעגעבן די פרעמדע פעלקער אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן, דאָס בעסטע? איר זענט נישט גערעכט, בערמאַן, וואָס האָבן יידן? מיר האָבן דאָך נישט קיין שטיקל דאַך אויפן קאָפּ, און קיין שטיקל ערד, וואו אַ פוס אַוועק-צושטעלן. אָבער שטענדיק האָבן מיר געלעבט מיט פרעמדע און געאַרבעט פאַר פרעמדע, פאַרוואָס? ווייל ביי אונז איז נישטאָ קיין אונטערשיד ווער עס איז אַ פרעמדער און ווער עס איז אַן אייגענער — ווער עס איז אַ פריינט און ווער עס איז אַ פיינט, דאָס איז דעם יינדנס לעבן: אַרבעטן און קלערן פאַר אַנדערע, פאַר דער גאַנצער וועלט. דאָרט זענען זיי נאָך יונג: זיי גלייבן, אַז אַ גרענעץ — איז אייביק. דאָ איז מיינע און דאָ איז דיינע, איך—רעכטס און דו—לינקס, מיר האָבן שוין, אָבער, געזען! וויפל מאָל האָבן זיך שוין די גרענעצן גע-ביטן צווישן פעלקער! היינט איז זי דאָ און מאָרגן דאָרטן. היינט וואוינען אויף דער ערד איינע און מאָרגן אַנדערע, היינט רעדט מען אויף איין שפּראַך און מאָרגן אויף אַן אַנ-דערע. אָבער יידן אַרבעטן אויף דאָס, וואָס בייט זיך קיינמאָל נישט, אויף דאָס, וואָס עס איז שוין אפשר לאַנג געשטאָרבן, און וואָס עס איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן און לעבט איי-

ביק אונטער פאַרשידענע געשטאַלטן. דאָס, וואָס דער יונגער דור פאַרלאָזט אייך, דאָס דאַכט זיך אייך נאָר, זאָלן זיי אַר-בעטן פאַר אונזערע שונאים, מיר האָבן דערפאַר קיין מורא נישט, מיר האָבן נאָר מורא פאַר איין זאַך, זיי זאָלן נישט אויפהערן צו זיין קיין יידן אין גייסט, אין האַרצן.

מרדכי: און מיר אַלטע לייט דאָ? וואָס זאָלן מיר טון?

דאַווידזאָן: מיר זענען מחויב זיי צו גלייבן. ווייל אויב זייערע פאָטערס וועלן זיי נישט גלייבן—וועלן זיי זיך אינ-גאַנצן פאַרלירן און וועלן פאַרניכטעט ווערן, און מיר צוזאַמען מיט זיי.

שמורלאַ: איר טענהט, ווי אַ פילאָזאָף. איר וועט מיר ענטשולדיקן. איך בין אָבער נישט קיין פילאָזאָף, לעבן דאַרף מען? עסן דאַרף מען? מ'דאַרף צאָלן דירה-געלט? און האָלץ דאַרף מען קויפן? נו!

עס קומט שאול און דער דאָקטאָר.

שאול צום פאָטער: דער הער דאָקטאָר וויל מיט דיר עפּעס רעדן.

דאָקטאָר גיט אים די האַנט: איך בין ספּעציעל אַריינגע-פאָרן אייך אויסדריקן מיין... מיינע פאַרהעלטענישן... דריקט אים די האַנט זאָגט, מיינע הערן, צי פאַרלאָזט איר אונז טאַקע? זיי-ער אומאַנגענעם, איך האָב דאָרט אַ סך באַקאַנטע און אַפילו מענטשן, וואָס האָבן אַ גרויסן איינפלוס... און אויב איך וואָלט עס פריער געוואוסט, וואָלט איך... געוויס, יעצט איז שוין שפּעט... יאָ, קאָנט איר מיר געבן וועלכע עס איז מאַטעריאַלן געמט אַרויס אַ נאָטיץ-ביכל איך בין אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ פּעטער-בורגער צייטונג און אַזאַ פאַקט, פאַרשטייט זיך, רופט אַרויס אַן אינטערעס ביי די לעזער, ד. ה. ביי דער געזעלשאַפט. וויפל פאַמיליען פאָרן אַוועק? דאַכט זיך, אַז 28.

מוטער: אפשר וועט איר עפּעס עסן, הער דאָקטאָר?

דער דאָקטאָר האָט זי יעצט באַמערקט, חיל איר געבן די האַנט ענטשול-דיקט, מיינע הענט זענען נישט זייער ריין פון אַרבעט.

דאָקטאָר: פאַרוואָס נישט? דאַנק אייך. און יענע נאַ־ליוועקע איז נאָך דאָ?

מוטער: וועלכע?

דאָקטאָר: די פון פוזאַטן פלעשל, איר געדענקט!

מוטער: געוויס, עס איז דאָ, עס איז דאָ.

דאָקטאָר: אויסגעצייכנט, גיט מיר פון דעם פוזאַטינקן פלעשל, וואָס? אין 2 וואָכן צייט, יאָ. פאַרשרײַבט.

מוטער אָפּ. אין טיר טרעפט זי זיך מיט באָגאַטקאַ, ער איז אַביסל שכורלעך.

באָגאַטקאַ: זדראַוואָ. נו, וואָס וועט זיין, פאַניע? איר גיט אָפּ.

מוטער: אַז דו גיסט קיין פרייז נישט. גיב אַ פרייז, ווי עס דאַרף צו זיין.

דאָקטאָר: און ווער איז דאָס?

מרדכי: ער קויפט ביי אונז דאָס הויז און דאָס מעבל.

מוטער אָפּ.

באָגאַטקאָ: זדראַוויאַ זשעלאַיו דעם הער דאָקטאָר בוקט זיך.

דאָקטאָר: דאָס איז דאָך באָגאַטקאָ. ער קויפט? ער האָט דאָך קיין גראָשן נישט זיין אייגנס.

באָגאַטקאָ שטאָלץ: אַלץ וועל איך קויפן, אַלעמען וועל איך קויפן, ווילסט האַנט-געלט? נעמט ארויס א בײַטל און פאַטשט אין אים.

שאול: וואָס, איר פאַרשטייט דען נישט? דאָס איז דאָך אַן אונטערגעשטעלטער קונה — הינטער זיינע פלייצעס שטייט עמיצער אַנדערש, דאָס איז גאַנץ קלאָר.

דאָקטאָר: יאָ, יאָ. שרעקלעך, העסלעך. פאַרשרײַבט ווער קאָן דאָס זיין?

שאול: פון וואַנען קאָנען מיר וויסן? ווער עס באַהאַלט זיך דער שעמט זיך.

שמורלאַ: ווער קאָן וויסן? ווער קאָן וויסן?

באָגאַטקאָ: ווילסט האַנט-געלט? וועלן מיר מאַכן אַ סוף?

דאָקטאָר: וויפל גיט ער דען?

מרדכי: גלייבט מיר, ער גיט מיר פאַר דעם הויז, אַ פערטל טייל, וואָס עס איז ווערט.

דאָקטאָר: העסלעך! עס קומט די מוטער מיט נאַליווקע און צו ביס, דאָקטאָר גיסט אָן און טרינקט, גיסט ווידער אָן. דאָס איז דאָך פאַר אייך אַ פאַרניכטונג.

מוטער נישט פאַרשטייענדיק: עס שאַדט נישט, טרינקט געזונטערהייט, מיר דאַרפן עס נישט.

דאָקטאָר אין פאַרלעגנהייט: איך רעד וועגן אים פאַרשרייבט.

מרדכי: וואָס זאָל מען טון? איבערמאָרגן מוזן מיר פאָרן, מיטנעמען קאָן מען עס נישט.

שמורלאַ: ווער וועט דען אייך געבן מער? קיינער נישט, וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן?

שאול: אויף מיין ערן וואָרט, אַז עס איז אַסך גלייכער אונטערצינדן!

מוטער שטיל צום מאַן: דו האָסט דאָך איצטער — ערשט אַוועקגעגעבן דאָס געלט פאַרן וואַלד, זאָל ער נעמען דאָס הויז און זיך דערשטיקן. וואָס קאָן מען טון? צו באָגאַטקאָ דעם טיש נעמסטו נישט? נעם דעם טיש, שאַנק, די בעטן, דאָס געפעס.

באָגאַטקאָ: אַזוי ווי איך האָב נעכטן געזאָגט: נעמט איר, איז גוט. קיין גראָשן מער וועל איך נישט געבן.

מוטער: דו ביזט ערגער פון אַ גזלן, שכור דו.

שמורלאַ: עמיצער וועט אייך געבן מערער? דאַנקט גאָט, וואָס מ׳גיט אייך אַזויפיל?

שאול: ווער פרעגט ביי אייך? מיט אייך רעדט מען נישט, טאָ מישט זיך נישט אַריין.

שמורלאַ: איך גיב אייך נאָר אַן עצה.

מוטער: שאולקע איז גערעכט, וואָס זענט איר זיין מעקלער?

שמורלאַ: אפשר מיינט איר, אַז איך קויף דאָס?

אפשר מיינט איר, אַז באָגאַטקאָ איז מיין מעקלער? אויב איך פאָר נישט מיט אַלע צו גליייך, אַז מ׳האָט מיר ערלויבט צוּבלייבן נאָך אויף אַ קורצע צייט, מיינט איר שוין גאָט ווייס וואָס, וועל איך אייך זאָגן: איך שפּיי אויף דאָס, וואָס איר מיינט, באָגאַטקאָ וועט אייך סיי־ווי קיין גראָשן מער נישט געבן.

*אָפּ אין כּעס.*

**ש א ו ל** *זאָגט אים נאָך:* זיין גליק איז, וואָס איך האָב נאָר איין האַנט.

**ד אָ ק ט אָ ר** *איבערצייגנדיק מרדכין:* דאָס הויז, אין וועלכן איר האָט געוואוינט, אין וועלכן עס זענען געבוירן געוואָרן אייערע קינדער, דער טיש אויף וועלכן איר האָט געגעסן — דאָס איז דאָך שרעקלעך, שרעקלעך.

**מ ר ד כ י :** איך לעב דאָס שוין איבער נישט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן.

**ד אָ ק ט אָ ר :** איר זענט אָבער אַזוי רויק, איך שטוין.

*עס קומען משה און סאָניעטשקאַ.*

**מ ר ד כ י :** איר האָט אַ טעות, איך בין גאָר־נישט רויק, נאָר איך דאַרף נישט שרייען, נישט וויינען—אַפילו נישט רעדן מיט אַ העכערער שטימע. דאָס הויז האָב איך געקויפט פאַר 22 יאָר און 12 יאָר האָב איך עס אויסגעצאָלט. יעדע שטול, יעדן טשוואָק, יעדע גלאָז האָב איך מיט מיין ווייב געקויפט פאַר שווער פאַרהאָרעוועט געלט, ערלעך פאַרדינסט. יעדן טעלער האָט מיין ווייב טויזנט מאָל איבערגעווישט. אָט דעם טיש האָט זי געקענט, ווען זי איז געווען יונג מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, נישט מיט גרויע אַזוי ווי יעצט. *שווייגט, האַלט זיך איין.* זאָגט־וויינען טאָרן מיר נישט, לכל־הפחות יעצט. אָט מאָרגן אויפן בית־עולם וועלן מיר וויינען. *פּויזע.* אָט די פיגורן פון שאָך זענען אַ־ין זקנים *נעמט פיגורן* זיי געדענקען, ווען איך מיט דאַווידזאָנען האָבן געשפּילט די ערשטע פּאַרטיי, דאָס איז געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק. דאַווידזאָן איז נאָך דאַן געגאַנגען אָן אַ שטעקן און איך אַליין... איך... אַליין... דאַווידזאָן, דאַווידזאָן, איר געדענקט?

דאַווידזאָן: שטילער, שטילער בערמאַן.

מרדכי: אַזוי, יאָ, יאָ.

דאַווידזאָן: הייסט עס, נעכטן האָבן מיר געשפּילט די לעצטע פּאַרטי. ער האָט געוואונען מיט די שוואַרצע, 23 יאָר האָבן מירביידע מלחמה געהאַלטן, און איר ווייסט ווער פון אונז עס האָט געוואונען? מיר האָבן ביידע געווינען! ווייל אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן מיר געשלאָסן אַן אייביקן שלום צווישן זיך, נישט אמת, בערמאַן? (באַהאַלט דעם שאָך.)

מוטער: איר זענט אַ פילאָזאָף... איר זענט שטענדיק אַ פילאָזאָף. (וויינט.)

באָגאַטקאָ (דערזעט דעם פידל): פאַרקויפט דעם פידל, וויפל?

משה: דעם פידל וועל איך נישט פאַרקויפן.

באָגאַטקאָ: וואָס טויג אייך דער פידל, פאַניטש? וויפל? איך וועל באַצאָלן.

דאָקטאָר (באַגריסט זיך מיט משהן): איר האָט שוין באַקומען אַן ענטפער פון אוניווערזיטעט?

משה: ניין!

דאָקטאָר: פאַרוואָס זאָלט איר, אייגנטלעך, נישט פאָרן קיין אויסלאַנד?

משה: ניין, קיין אויסלאַנד וועל איך נישט פאָרן, איך האָב דאָרט נישט וואָס צו טון.

דאָקטאָר: שטעלט זיך, אָבער, פאָר, אַז מ׳וועט אייך אין אוניווערזיטעט נישט אָננעמען, וואָס וועט איר דאַן טון?

משה (נאָך אַ פּויזע): מ׳וועט מיך צונעמען.

סאָניעטשקאַ: געוויס וועט מען אים צונעמען, איך ווייס עס זיכער.

באָגאַטקאָ: נעמט 5 קאַרבאָוואַנצעס, און גיט אָפּ דעם פידל.

משה: ניין.

באָגאַטקאָ (אָפנהערציק): גלייבט מיר, פאַניטש, מער קאָן איך נישט געבן, איך קאָן נישט. (געהיימניספול) דאָס איז דאָך נישט פאַר אַן אַנדערן נאָר פאַר זיך אַליין, פאַר זיך.

משה: איך וועל דעם פידל פאַר קיין געלט נישט פאַר־קויפן.

לאה קומט אין טיר: משה, עמיצער פרעגט זיך אויף דיר, מ׳האָט געבראַכט אַ פּאַפּיר פון אוניווערזיטעט אָפּ.

משה: גייט קיינער נישט נאָך מיר, קיינער נישט, דאָס איז אַן ענטפער. אָפּ, פאַרמאַכט אונטער זיך די טיר.

דאָקטאָר שטייט־אויף: איר האָט געוואוינט מיט אונז און איר פאָרט אַוועק, געוועזן אַ גוטער מענטש — האָט מען אים אַוועקגעטריבן. מיינע הערן: איז דען נישט אַלץ איינס, אַ ייד, אַ קריסט, אַ מאַכמעדאַנער? אַ גוט אָרנטלעך האַרץ זאָל נאָר זיין. אין אמת געזאָגט, פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס האַלט איר זיך אַזוי שטאַרק אָן אייער רעליגיע. אין מיטלאַלטער, אין די צייטן פון אינקוויזיציע איז עס נאָך געוועזן פאַר־שטענדלעך, דאַן איז געוועזן נייטיק אָפּצוהיטן דעם גייסט פון דעם נאַציע, יאָ! אָבער יעצט, אין יאָרהונדערט פ׳ן פּראָגרעס, ווען די אינקוויזיציע איז שוין לאַנג נישטאָ... וואָס? וואָרהאַפּטיק, מיינע הערן? קוקט אויף אַלעמען אָדער איך האָב אַ טעות, וואָס?

עס קומט משה, אַלע באַגעגענען אים מיט די שטומע בליקן.

משה גייט צו באָגאָטקאָ: גיב דאָס געלט, נעם דעם פידל.

סאָניעטשקאַ: ער פאַרקויפט זיין פידל!

מרדכי: וואָס איז משה?

משה: געשווינדער, גיב דאָס געלט.

מוטער: מיין האַרץ. זון מיינער.

משה שרייט: ניין, ניין, מ׳האָט מיך נישט צוגענומען, מ׳האָט אָפּגעשיקט די דאָקומענטן, ניין, מאַטערט מיך נישט! אַנטלויפט.

דאָקטאָר געלאַסן: נו, אָט זעט! גאַנץ דייטלעך, וואָס? אַך, מיינע פריינט, מיינע פריינט! אָפּ, אים באַגלייטן שאול און מוטער, וועלכע גייען ארויס מיט אים צוזאַמען.

סאָניעטשקאַ: פּאַפּאַ, פּאַפּאַ!

מרדכי שטייט מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזן: דאָס איז דאָס שרעק־לעכסטע... אַרויסרייסן פון די הענט דאָס בוך... זאָגן אַ קינד:

דאָס, וואָס קלוגע מענטשן האָבן אויסגעקלערט, איז נישט פֿאַר דיינעטוועגן. דו דאַרפסט עס נישט וויסן... דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע. יאָ, יאָ.

באָגאַטקאָ צו מרדכי: נו, פֿאַניע? מיר וועלן מאַכן אַ סוף? ציט אויס די האַנט.

סאָניעטשקאַ: איך פֿאַרשטיי נישט, פּאַפּאַ, פֿאַרוואָס שרייבט קיינער נישט וועגן דעם, וואָס דאָ קומט מיט אונז פֿאָר? איך האָב אַזוי פֿיל ביכער געלעזן וועגן פֿאַרשידענע מענטשן, וועגן פֿאַרשידענע געשעענישן און וועגן דעם, קיין איין וואָרט נישט. איך בין זיכער, אויב מ׳וואָלט אַלץ דערציילן—ווי מען פֿאַרקויפֿט אונזער הויז, און ווי משה גיט אַוועק זיין פֿידל און ווי שאול איז אָן אַ האַנט, און וועגן דיר פּאַפּאַ, און וועגן לאהן, און וועגן אייך, דאַווידזאָן, וואָלטן אַלע אויף אונז רחמנות געהאַט, דאַן וואָלט דאָס אַלץ אפשר נישט פֿאָרגעקומען. פֿאַר-וואָס שרייבט קיינער נישט?

באָגאַטקאָ: נו, וועלן מיר מאַכן אַ סוף?

מרדכי מיט איין האַנט גלעט ער סאָניעטשקען, די צווייטע שטרעקט ער באָגאַטקאָן, וועלכער קלאַפּט אין איר מיט קראַפֿט: אַזוי, אַזוי.

באָגאַטקאָ: נעם האַנט-געלט און איבערמאָרגן — דאָס איבעריקע. מיר וועלן שרייבן אַ פּאַפּיר.

מרדכי רופֿט באָגאַטקאָ מיט זיך: קום אַהער.

דאַווידזאָן: שטעלט אָפּ מרדכין אויפֿן שוועל: בערמאַן, איך האָב אייך נאָר געוואָלט זאָגן: געדענקט, אַז מיר וועלן זיך ווידער טרעפֿן—איר פֿאַרשטייט—אַז מיר וועלן זיך טרעפֿן, שפּיל איך מיט די ווייסע. מרדכי רופֿט באָגאַטקאָ אין צווייטן צימער.

דאַווידזאָן צו סאָניעטשקען: אַזאַ בוך — אַזאַ בוך, וועגן וועלכן דו האָסט גערעדט ווערט נישט געשריבן זיין אָנגעשריבן. דו וועסט עס דאַן לעזן, ווען מען וועט אָנשרייבן איבער אַלע מענטשלעכע ליידן, וועלכע עס עקזיסטירן אויף דער וועלט. נאָר דאַן וועסטו עס לעזן, נישט פֿריער. דו ביזט גערעכט. דאַן וועט אויף אַן אמת קיין שלעכטס נישט זיין. אָבער דאָס איז נאָך זייער ווייט... זייער... אָפּ.

ס אָ נ י ע ט ש ק אַ בלײַבט אַלײן, גײט הין און צוריק איבערן צימער, גלעט דאָרט די װענט, דאָס מעבל: ליבער טיש, גוטער טיש... גוטע װענט. מ׳פּאַרקױפט אײך, מ׳פּאַרקױפט... װאָס קאָן מען אָבער טון? ליבער פענסטער, װאָס קאָן מען טון? גוטער אױװן... דו ביזט אַ גוטער. קושט אים, גלעט.

אומבאַמערקט קומט שאול, בלײַבט שטײן אין טיר, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזן.

ס אָ נ י ע ט ש ק אַ: מיר װעלן זײן װײט, קײנמאָל װעל איך זיך אַהער נישט צוריקקערן, דאָ װעלן װאױנען אַנדערע מענטשן, זאָל זײ דאָ זײן װאַרעם... אונזער גוטער אױװן... זאָל דאָ נאָר זײן װאַרעם...

מ׳הערט שאולס אײַנגעהאַלטענעם געװײן, סאָניעטשקאַ לױפט צו צו אים.

פאָרהאַנג

# דריטער אקט.

א פארקאן פון א בית-עולם, האלב פארנילטעט פון דער זײַט; אין עטלעכע ערטער זענען די שטײנער ארויסגעפאלן; מ'זעט שווארצע צווײַגן פון בײמער, וואס וואקסן נאר אויף בית-עולמס. די וואנט איז נישט קײן הויכע, דערגרײכט מענטשן נאר צום ברוסט. דא איז טרויריק, שטיל, אומבאװעגלעך; קײנער גײט נישט אהער א חוץ דער, וואס זוכט אײנזאמקײט. א העלער הערבסט-פרימארגן; א שוואכע זון. דער בית-עולם איז באהאלטן פון צושויער און די אנגעווילגעמענדע שוישפילער געפינען זיך אויף דער זײַט וואנט.

לאה און לערערין, בײדע אין טיכלעך

**לאה:** זײַט געזונט. גיט די האנט מיר גײען ארום דעם גאנצן פרימארגן אהין און צוריק, און פלאפלען, אזוי ווי צווײ גימנאזיסטקעס.

לערערין: איך וועל אייך נאָך זען?

לאה: געוויס.

לערערין: זייט געזונט, וואָס פאַר אַ מערקווירדיקער פרימאָרגן.

לאה: יאָ. פויזע.

לערערין: צי וועט איר דערלויבן, איך זאָל אייך זאָגן „דו"? נישט זאָגן, נאָר קלערן וועגן אייך אויף „דו"?

לאה: יאָ. שמייכלט דאָס איז גוט.

לערערין: איך זע צום ערשטן מאָל אייער שמייכל.

לאה: דיין שמייכל.

לערערין: ווי איך?

לאה: ניין, איר האָט דאָך מיר געוואָלט זאָגן „דו".

לערערין: יאָ, דיין שמייכל.

לאה: איך וועל אויך „דיך" געדענקען.

לערערין: איך האָב אייך נישט דערציילט, נאָר איך האָב אויף דיר געוואַרט עטלעכע יאָר, ווען איך בין געקומען אַהער אין שולע, ביזט שוין דאָ נישט געווען, נאָר אַלע האָבן גערעדט וועגן דיר, אַזוי ווי דו וואָלסט דאָ אַ שפור געלאָזט, אַלע האָבן פון דיר עפּעס דערוואַרטעט.

לאה: דערוואַרטעט? וואָס?

לערערין: איך ווייס נישט, נאָר אַזוי האָט זיך מיר אויסגעדאַכט. איך האָב זייער פיל געקלערט וועגן דיר, עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דו ביזט מיין עלטערע שוועסטער, וועלכע לעבט פאַר מיר דאָרט, ערגעץ ווייט. איך האָב ליב געקריגן דיין פאָטער און אַלע דיינע פריינט, איך האָב זיך מיט דיר גרויס געהאַלטן און אַפילו דיך מקנא געווען.

לאה: מקנא געווען?

לערערין: מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז דו וועסט זיך צוריקקערן און ברענגען אַלעמען פרייד.

לאה ביטער: נו, אָט בין איך געקומען.

לערערין: דו ביזט געקומען און האָסט אַלץ געשווינג. האָסט אַפילו אין מיין ווינקל נישט געקוקט. דאָס האָט מיר זייער וויי געטון. פויזע נישט אַזוי גייט עס, ווי דו שטעלסט זיך פאָר.

לאה: יעצט, נאָך דעם, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, דאַכט זיך מיר טאַקע, אַז איך האָב זיי אָפגענאַרט.

לערערין: וועמען אָפּגענאַרט?

לאה: איך האָב וועגן קיינעם נישט געקלערט, איך האָב גערעכנט, אַז איך בין אַוועק אויף שטענדיק, אַז איך בין זיי פרעמד. אָבער זיצנדיק אין טורמע האָב איך זיך דערמאָנט וועגן אַ קליין שטיקל פעלד, וועלכעס איז געווען באַשאָטן מיט שניי, אָן אונזער טייך,—איך פיל זיך שולדיק פאַר זיי, אָבער איך האָב שוין מער נישט קיין קרעפטן... עס איז קאַלט...

ביידע בלייַבן שטיין פאַרקלערט.

לערערין: די ליבע קאָן דיך גליקלעך מאַכן. גרויסע פויזע.

לאה: דאָס איז פאַר יעדן אַ רעטונג. פויזע ווי שטיל עס איז.

לערערין: יאָ.

לאה: און אַזוי אומעטיק.

לערערין: ווען עס איז גוט, איז אַלעמאָל אומעטיק.

לאה: יאָ.

לערערין: דאָ קומט קיינער נישט, מענטשן האָבן מורא פאַר אַ בית-עולם, איך האָב דאָ זייער ליב צו פאַרברענגען.

לאה: יאָ, דאָ איז זייער גוט. דו ביזט אַזאַ מאָדנע, דו האָסט אַ גוט האַרץ, פאַרוואָס ביזטו אַזוי איינזאַם? פאַרוואָס האָסטו עמיצן נישט ליב געקריגן?

לערערין: איך ליב...

לאה: ניין, איך מיין איינעם, זאָל ער ליב האָבן, אַפילו אויב דו אַליין האָסט אים נישט ליב, ליבסטו די ליבע.

לערערין: איך דאַרף קיינעם נישט. דו דאַרפסט גיין,

לאה, באַלד וועט זיך אָנהייבן די הזכרה.

לאה: זיי געזונט, דו גייסט אַוועק?

לערערין: יאָ.

ביידע אָפּ אין פאַרשידענע זייטן, אין אַ קורצער צייט קומט די לערערין צוריק. ווייזט אויס, אַז זי וואַרט אויף עמיצן, ס'קומט לעוויט.

לעוויט: איך האָב פאַרשפּעטיקט?

לערערין: ניין.

לעוויט: איך האָב פאַרלאָזט מיין שטעלע אויפן זאַוואָד: איך האָב זיי געזאָגט: מיינע הערן, זייט געזונט איך גיי אַוועק. רייבט די הענט איר ווייסט, וואָס עס איז מיר געקומען אויפן זינען? פאַרוואָס האָבן מענטשן אַזוי ליב די פרייהייט? דערפאַר, ווייל די פרייהייט — דאָס איז דאָס ריינע געוויסן, וואָס?

לערערין. יאָ. פויזע איך וועל אייך נישט פאַרהאַלטן, איך האָב נאָר אייך געוואָלט זאָגן... הייבט-אויף דעם קאָפּ איר קלערט אפשר, אַז איר זענט מיר עפּעס שולדיק. איך האָב געוואָלט זאָגן, איר זענט מיר גאָרנישט שולדיק און איך וועל וועגן אייך קיין שלעכטס נישט דענקען.

לעוויט אין פאַרלעגנהייט: צו וואָס רעדט איר וועגן דעם?

לערערין: איר זענט אויפריכטיק... אַ פרייער מענטש... און דאָס, וואָס איר האָט מיר געזאָגט דעם פאַרגאַנגענעם פרי-לינג האָב איך פאַרגעסן, איר האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, איך האָב פאַרגעסן און דאָס איז אַלץ.

לעוויט נעמט זי פאַר דער האַנט: איר זענט זייער אַ גוטע.

לערערין: ניין, ניין, נעמט צו די האַנט איך מוז גיין.

לעוויט ענטפערט מיר אויף מיין פראַגע.

לערערין פאַרשטייענדיק: ניין, ניין, לאָזט מיך.

לעוויט: ענטפערט מיר... איך האָב אייך געפרעגט דאַן, אין פרילינג... איר ליבט מיך נישט?

לערערין דרייסט און שטאַרק: איך ליב אייך נישט, איך ליב אייך נישט.

לעוויט: געווים... נישט... איר זענט זייער אַ גוטס מיידל.

לערערין: איר דאַרפט זיין דאָרט.

לעוויט: וואו?

לערערין: איר ווייסט אַליין.

לעוויט נאָך אַ פּויזע: אפשר איז דאָס נישט לאָגיש פון מיין שטאַנדפּונקט, נאָר וואָס איז דאָס איבערהויפּט לאָגיק? לאָגיק איז נאָך נישט אַלץ; לאָגיק דאַרף נאָר האָבן דער מענטש, וועלכער לעבט פאַר זיך אַליין. זאָל זיין, אַז איך טו זיך אַליין דערווידער, אָבער, אַז אַלע גייען אַוועק, קאָן איך נישט בלייבן.

לערערין: איר מוזט זיין מיט איר.

לעוויט: מיט איר, מיט וועמען?

לערערין: מיט לאהן.

לעוויט: זי האָט אייך געזאָגט עפּעס?

לערערין: ניין.

לעוויט: איך האָב זייער גרויס מיטלייד מיט איר, אויב איר ווילט וויסן...

לערערין: נאָר איר אײנער קאָנט איר העלפן.

לעוויט: נו, יאָ, נו יאָ! איך האָב דאָך עס איר געזאָגט. אויב עס וואָלט געווען אַן אַנדערער — זאָל זיין אַן אַנדערער, אָבער יעצט בין איך עס, אַן אומבאַוואוסטער איקס. איך בין אַ באַשיידענער מענטש, איך פאַרשטיי עס זייער גוט — ווער איך בין, און ווער זי איז!

לערערין טראָפּלאָזנדיק די אויגן: דאָס איז נישט אמת.

לעוויט: וואָס איז נישט אמת?

לערערין מיט אַ מערקווירדיקער ציטערדיקער שטימע: איר שעצט זיך צו וויניק, איך האַלט אייך... איר זענט נישט קיין איקס, איר שטייט העכער... ווי איר קלערט אַליין.

לעוויט אַנשטויסנדיק זיך: ענטשולדיקט, אָבער עס איז מיר יעצט איינגעפאַלן, מיר רעדן יעצט, אַזוי ווי אַ ברודער מיט אַ אַ שוועסטער, אמת? אפשר ליבט איר מיך דאָך און זאָגט

מיר נישט נאָר דערפאַר, ווייל איר ווילט, אַז איך זאָל זיין פריי.

**לערערין**: צו וואָס וואָלט איך עס געדאַרפט טון?

**לעוויט**: ווייל איר מיינט, אַז דאָס איז בעסער פאַר מיר.

**לערערין** לאַכט: אַזעלכע אידעאַלן געפינט מען נאָר אין ראָמאַנען, איך בין גאָרנישט אַזאַ.

**לעוויט**: אויפריכטיק?

**לערערין** לאַכט: אויפריכטיק.

**לעוויט**: אויב איך האָב אייך אין פרילינג געזאָגט, אַז...

**לערערין**: איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי. מ׳דאַרף נישט. איך וועל אייך אייביק געדענקען אַלס גוטן פריינט. גייט, גייט, זייט געבן איר און זעט, אַז זי זאָל זיין גליקלעך, דאַן וועל איך אייך ביידע ליב האָבן.

**לעוויט** נאָך אַ פּויזע: ביי מיר זענען געבליבן אייערע ביכער. זאָל איך זיי אַריינטראָגן?

**לערערין**: גוט, ברענגט, איך וויל דאָ אַביסל בלייבן. כמעט ביז גייט שוין.

**לעוויט**: איך גיי, בלייבט געזונט. אָפּ.

לערערין בלייבט אליין, דאָס געזיכט איז בלאַס און שטרענג, אַזוי ווי ביי אַ מענטשן, וואָס לעבט איבער אַ גרויסע דראַמע, שטייט פאַרשטיינערט, קוקט פאַר זיך. פון דערווייטן הערט זיך שפּילן אַן איינפאַכער פון אַ האַרמאָניקע מאָטיוו, עס קומט משה: איין האַנט האַלט ער אין בוזעם, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס באַהאַלטן, זייער פאַרקלערט, דערזעענדיק די לערערין, כאַפּט געשווינד אַרויס די האַנט.

**לערערין** רויק, נישט וואונדערנדיק זיך: דאָס זענט איר משה?

**משה**: גוט-מאָרגן.

**לערערין**: איך וואָלט וועלן זען, ווי מ׳וועט דאַוונען אויפן בית-עולם. איר וועט גיין?

**משה**: ניין.

ל ע ר ע ר י ן : וואָס פאַר אַ טרויריקער מנהג: איידער נ׳פאָרט אַוועק קלייבן זיך אַלע צוזאַמען אויפן בית-עולם און זעגענען זיך איינער מיטן אַנדערן.

מ ש ה: און מיט די טויטע אויך.

ל ע ר ע ר י ן: יאָ.

מ ש ה: הייסט עס דאַרף איך דאָרט אויך זיין?

ל ע ר ע ר י ן ניַשט פאַרשטייענדיק: יאָ.

מ ש ה: איר ווייסט, מ׳האָט מיך נישט אָנגענומען אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט, מ׳האָט מיר צוריקגעשיקט די דאָקומענטן.

ל ע ר ע ר י ן: דאָס פאַרדריסט אייך זייער.

מ ש ה : יעצט נישט, יעצט פאַרדריסט עס מיך נישט.

ל ע ר ע ר י ן: איר זענט נאָך יונג, אייער לעבן פאַנגט זיך יעצט אָן.

מ ש ה: יאָ.

ל ע ר ע ר י ן: ווי אַלט זענט איר?

מ ש ה : יעצט 18 יאָר, נאָר ביז ביינאַכט וועל איך אַלט ווערן. איך וועל אַלט זיין אַ סך יאָרן.

ל ע ר ע ר י ן : איך פאַרשטיי נישט.

מ ש ה : אָבער איך פאַרשטיי היינט אַלץ, איך ווייס אַלץ.

ל ע ר ע ר י ן: וואָס?

מ ש ה : מיר האָט קיינער נישט געזאָגט, און איך ווייס, אַז איר זענט אומגליקלעך. איר האָט אים ליב און ער פאָרט אַוועק.

ל ע ר ע ר י ן שעפּטשענדיק: איך האָב געלייגט, און ער האָט מיר געגלייבט.

מ ש ה רויק: איך זע אַלץ; ניין, איך בין שוין יעצט אַלט. מער, ווי 18 יאָר.

ל ע ר ע ר י ן : איך האָב אויף אייך אַלע אַזוי רחמנות; משה איך וואָלט געאָפּפערט 5 יאָר פון מיין לעבן, איר זאָלט דאָ אַלע בלייבן.

משה לאַכט משוגעדיק.

לערערין: וואָס לאַכט איר?

משה: 5 יאָר לעבן—דאָס איז נישט קיין סך.

לערערין: איר זענט אַ ברוטאַלער מענטש.

משה: איך בין אַ מאָדנער קלערט יאָ, און אַ ברוטאַלער. איך האָב שטענדיק געוואוסט, וואָס מיט מיר וועט געשען.

לערערין: איר זאָגט, אַז איך בין אומגליקלעך. גלייכ-צייטיק בין איך אייך גליקלעך, איך קאָן עס אָבער אייך נישט קלאָר מאַכן.

משה: אומעטום האָב איך זיך געפילט פרעמד, אַזוי ווי איך וואָלט שטענדיק געווען אַ גאַסט. איך האָב מורא געהאַט אַליין זיך אין דעם מודה צו זיין, אַזוי ווי איך וואָלט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. אָבער יעצט זע איך. איך האָב גע-קוקט אויףביימער און האָב זיך געזאָגט: דאָס זענען פרעמ-דע ביימער, פרעמדע ערד, אַ פרעמדער הימל, אַזוי ווי פון קינדווייז אָן. פאַרקלערט זיך ניין, די שטערן זענען נישט געווען קיין פרעמדע, און איבערהויפט ביינאַכט, ביינאַכט בין איך גע-ווען אַן אַנדערער. און איך האָב זיך נישט געשעמט דערפאַר, וואָס איך בין אַ פרעמדער. ווען איך פלעג שפילן אויפן פידל פלעג איך אויך פאַרגעסן וועגן דעם, נאָר איך פלעג מוזן צו-מאַכן די אויגן — אַנדערש פלעגט עס שטערן. איך האָב אָבער דעם פידל פאַרקויפט. דאָס איז נידערטרעכטיק.

לערערין: טאָ צו וואָס האָט איר עס געטון?

משה: איך האָב נישט פאַרקויפט, איך האָב אים פאַר-ביטן.

לערערין: אויף וואָס?

משה: אויף אַן אַנדער אינסטרומענט! יאָ, איך מאַך אַ שפאַס. בײַם דעם טאָן אָבער היינט איז אַלץ אַנדערש. איך פיל, אַז איך בין איבעראַל. אַלץ איז מיינס—אַז אַלץ בין איך, וואונדערבאַר! איך בין היינט אומגעהייער רייך, ווייסט איר פאַרוואָס?

לערערין: זאָגט.

משה: זאָגן?

לערערין: ווייל איר זעט דאָס אַלץ צום לעצטן מאָל.

משה אונטערשטרייכנדיק לאַכט: ווייל איך זע אַלץ צום לעצטן מאָל. הײַנט שפּיר איך נישט, אַז איך בין אַ ייד. אַ קריסט שפּירט דען שטענדיק, אַז ער איז אַ קריסט? ניין, ער פֿאַרגעסט—ער איז אַ מענטש. אָבער אַ ייד שפּירט, אַז ער איז אַ ייד אַפּילו אין שלאָף; אַ ייד קאָן קיינמאָל נישט זיין גליקלעך, ווייל אים קאָן מען נישט אָפּנאַרן, ווייל דאָס גליק—איז באַטריגעריש... איך וואָלט נאָר וועלן וויסן איין זאַך: וואָס איז אַזוינס ליבע?

לערערין: איר וועט זיך דערוויסן! דאָס איז אַ גרויסע לייד און אַ שטאַרקע פֿרייד!

משה: עס מוז זיין זייער גוט ליב צו האָבן; נישט וואַרטן, וואָס עס וועט זיין, נאָר ליבן. הײַנט איז אַ מערקווירדיקער טאָג! איר ווייסט מ'האָט מיר צוריקגעשיקט די דאָקומענטן?

לערערין: פֿאַרוואונדערט איר האָט עס מיר שוין געזאָגט.

משה ווערט ענלעך צום פֿאָטער: אַזוי, אַזוי. גיב מיר אַ קוש, איך פֿאָר אַוועק, קושט מיך אַזוי ווי איר וואָלט געקושט אייער געליבטן.

לערערין קוקט אויף אים א מאָמענט, קושט אים אין שטערן: משה...

משה: ווען מיר וועט מען דערציילן פֿאַרשידנס, ווען איך... וועל אַוועקפֿאָרן און איך וועל נישט קאָנען ענטפֿערן, נאָר אייך ווייל איך זאָגן, דאָס וואָס מ'האָט מיר צוריקגעשיקט די דאָקומענטן, דאָס איז אַ קלייניקייט. מ'קאָן דאָך לערנען אין אויסלאַנד און מ'קאָן דאָרט אויך עפּעס זיך אויסלערנען, מ'דאַרף אָבער זיך פֿילן שטאַרק, נישט צו באַמערקן די קלעפּ פֿויסט און זיין שטאָלץ... יאָ! פֿויסט האָט איר באַמערקט אין טיפֿן הערבסט איבערפֿליענדע פֿייגל? עס טרעפֿט. אַז אייניקע פֿון זיי שטייען אָפּ, זיי שטרענגען זיך אָן נאָכצופֿליען, אָבער אינמיטן—פֿאַלן זיי און ווערן דערהרגעט. עס איז זיי פֿאַרגעשטאַנען

אַ ווייטער וועג, אָבער זיי האָבן קיין כח נישט געהאַט און זענען געפאַלן באַלד אין אָנהייב. קוקט אין דער הויך אַט פליען זיי! שרײַט אָ-אָ! קוקט אויף זי פונדעסטוועגן, וואָס עס זאָל מיט אייך אין לעבן נישט טרעפן, זאָלט איר נאָר נישט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. לעבן דאַרף מען, לעבן דאַרף מען... לעבן...

לערערין: משה, וואָס איז מיט אייך?

משה: אויב איך וואָלט נישט געווען קיין ייד, וואָלט איך געווען אַן אַנטיסעמיט. נאָר איך האַלט זיך גרויס מיט דעם, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אַ ייד.

לערערין: איר זענט עפעס אַ מאָדנער. מ׳גייט אַהער, באַגלייט מיך.

משה: באַגלייטן אייך? גוט, דאָס לעבן איז זייער אַ גוטע זאַך. איר האָט מיר אַ קוש געגעבן און גאָרנישט. לאַכט.

ביידע אָפּ, עס קומען שמורלאַ און באַגאַטקאָ.

שמורלאַ: וואָס גייסטו מיר נאָך, ווי אַ הונט? איך פרעג ביי דיר, וואָס גייסטו מיר נאָך?

באָגאַטקאָ: וואָס הייסט? איר טוט דאָך מיר אַן עולה, יעי. באָגו.

שמורלאַ: און געלט האָסטו געקריגן? ראַספּיסקעס האָסטו אָוועקגעגעבן? וואָס גייסטו מיר נאָך, ווי אַ שד?

באָגאַטקאָ: איך האָב זיך געסטאַרעט, און צו וואָס האָב איך זיך געסטאַרעט? קומט אויס מיר אַן עולה.

שמורלאַ: טשעפּע זיך אָפּ פון מיר.

באָגאַטקאָ: די ווייבער וועלן דאָך פון מיר חוזק מאַכן שמייכלט, וואונדערט זיך אליין צו וואָס? איך האָב געקויפט 4 הייזער מיט אַ גאָרטן, איך האָב געקויפט שענק, אַ שפּיגל האָב איך אויך געקויפט, און פערענעס, און אַ פּעלץ און אַלץ, צוויי קי האָב איך געקויפט, אויף מיין וואָרט, זיי וועלן חוזק מאַכן.

שמורלאַ: פאַר דיין געלט האָסטו געקויפט, דו נאַר איינער? ווער האָט דיר געגעבן געלט?

באַגאַטקאָ: דאָס איז אמת, דאָס געלט איז נישט געווען מײנס, אײער געלט איז עס געווען. פון וואַנען זאָל איך האָבן געלט? אמת, אָבער איך האָב פאָרט אַן עולה.

שמורלאַ: נאַר דו, נאַר! אַוועק פון מיר, איך גײ דאַוונען.

באַגאַטקאָ: צװיפּיל געקויפט, און אָט האָסטו — גאָר־נישט געבליבן. אַ וואונדער! דאָס הויז בײ בערמאַנען געדונגען שאָקלט מיטן קאָפּ אַזאַ גוטן מענטשן געטון אַן עולה. אויף מײן וואָרט, נײן, אַזוי בין איך נישט אײנפערשטאַנדן. עס קומט אויס, אַז איך בין אַ גזלן, האָסטאָדין, זײ מיר מוחל, אַ גרויסע עולה טוט איר מיר, איך בין נישט מסכים צום טײוול!

שמורלאַ: וואָס זידלסטו זיך, פאַרשיווער אידיאָט, סוואָ־לאָטש! דו זעסט נישט, אַז דאָ איז אַ בית־עולם? שכור דו!

באַגאַטקאָ: צו וואָס און פאַר וועמען האָב איך זיך געסטאַרעט? נישט פאַר זיך. נאָר פאַר אַ הונט אונטערן נאָז: 4 הײזער, 2 קי, אַ גאָרטן, אַ גרויסן גאָרטן, אַ שפּיגל, וואו איז אַלץ? נײן. נאָר דער פידל איז געבליבן בײ מיר, אַ מאָשענ־ניק ביזטו, אָט דאָס קאָן איך דיר זאָגן, דײנע אײגענע ברידער האָסטו באַגזלט און אַלײן האָסטו זיך באַהאַלטן. די מאָרדע דאַרף מען דיר אויספּאַטשן.

שמורלאַ: דו האָסט געקריגן דײן געלט? טאָ וואָס שרײסטו? איך בין שולדיק, אַז דו האָסט דײן געלט פאַר־שכורט? איך בין נישט שולדיק. רוקט אים אין האַנט געלט נאַ דיר נאָך און גײ. וואָס ווילסטו פון מיר? זײ האָבן פאַרקויפט און איך האָב געקויפט, און ווער וועט געבן מער? קײנער נישט. גײ שוין, גײ.

באַגאַטקאָ: אַ שפּיגל געקויפט, פערענעס געקויפט, הײזער געקויפט און וואו איז עס אַלץ? הילפלאָז אָפּ.

שמורלאַ בלײַבט אַלײן, ער ווערט פאַרענדערט. זײַן געזיכט דריקט אויס אַ לײדנשאַפט און פאַרביטערונג. האָט מורא מ׳זאָל אים נישט באַמערקן. אָבער אין דער זעלבער צײַט קוקט ער גײציק אין דער תּכריכים, ער הערשט כמעט נישט מיט זיך, פלוידערט.

שמורלאַ: זיי גייען... גורוויטש גייט. ניין, דאָס איז נישט גורוויטש — דאָס איז קאַהאַן מיט זיין זון. קאַהאַן — אַ הויזן מיט אַ גאָרטן. אַ גוט הויז, אַ גוט, ביליק... דאַווידזאָן — ער איז דאָך אַ משוגענער, אַ פילאָזאָף, ספינאָזאַ, וואָס פאַר אַ קאָפּ ער האָט! אַ וואונדערבאַרן קאָפּ! אַ מיניסטער, שפּילט אין שאָך—נישטאָ זיין גלייכן... בעסער פאַר בערמאַנען, בע-סער. דער חזן איז געקומען. שיינין מיט דעם ווייב, אָט איז מרדכי בערמאַן, און ווער וועט געבן מער? אַז קיינער גיט נישט מער, טאָ זאָגט ג׳, צ׳, ד׳, וואָס מ׳האָט דאָס געגעבן. אַן אַלט פּייכט הויז, אָן רעמאָנט, נייע פּאָדלאָגעס, אַלץ ניי, אַ סך געלט, אַ סך געלט! ווער איז דאָס? לעוויט! זייער גוט! זעט נאָר, לעוויט איז געקומען, אַלע זענען געקומען, ער איז אויך דאָ, אַ! תנ״ך איז אַ ביכל! אַ אַהאַ! עס זענען דאָ נאָך אַנדערע ביכלעך! נאַ! ער איז טאַקע געקומען, אַלע זענען געקומען, פּרויען, אַלטע-לייט יונגע, אי, אי, אַלץ ביליק, אַלץ זייער ביליק, און ווער וועט געבן מער?

עס קומט משה.

שמורלאַ דערשראָקן: ווער איז דאָ? ווער איז דאָ? אָ, משה׳לע, זע אַלע זענען שוין שוין דאָ—זעסט? שטילער, הער, מ׳האָט שוין אָנגעהויבן צו דאַוונען. כאַפּט אים פאַרן האַנט הערט זיך צו, שאָקלט מיטן קאָפּ, באַוועגט מיט די ליפּן.

עס הערט זיך, ווי דער חזן זינגט אַן אל מלא רחמים.

משה. פאַרוואָס זענט איר דאָ?

שמורלאַ: טסס, גאַרנישט, גאָרנישט. איך וועל הערן, איך וועל דאָ דאַוונען, איך וועל צוהערן. מורמלט, כעבור שנדר צדקה בעד הזכרת נשמתו שטילער... שטילער....

משה: איר האָט מורא זיך צו טרעפן מיט זיי?

שמורלאַ ציטערט, קוקט זיך אַרום דערשראָקן: וואָס? פון וואַנען ווייסטו? דו האָסט אים געזען? ער האָט דיר געזאָגט?

משה: איך האָב קיינעם נישט געזען.

שמורלאַ מורמלט: נישט אמת, נישט אמת... אויף מיר האָט מען שטענדיק אויסגעקלערט... איך בין געפאָרן צום גו-

בּערנאַטאָר און מ׳האָט מיר דערלויבט צובלייבן אויף אַ חודש..
זלק איז אַ ליגנט. הערט זיך צו די ווערטער הנאהבים והנעימים בהייהם ובמותם לא נפרדו״ שאַרף כּאַרוואָס דאַוונסטו נישט ? שגץ !ֹ דו האָסט נאָך צייט נישט צו דאַוונען, אַפּיקורס, אַוועק פון דאַנען, וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום ? גיי אַהין, גיי צום פּאָטער הערט זיך צו „בשם שמקדישים אותו בשמי מרום ככתוב על יד נביאיך״... הויך מיט אַלע שטימען „קדוש, קדוש, קדוש ה׳ צבאות״... הערסט ? איך גלויב נישט. וואָס זאָל עס באַדייטן : איך גלויב נישט? קאָן דאָס דען אַ מענטש זאָגן? עס טרעפט, אַז ער גלייבט אַליין נישט: צי ער גלייבט אָדער נישט?

מ ש ה : דאָס הייסט ליב האָבן.

ש מ ו ר ל אַ: ליב האָבן? וועמען ליב האָבן? און מיך האָט מען ליב געהאַט? זע, זיי האָבן זיך זוזאַמענגעקליבן ביים קבר פון די הרוגים. זײַן שטימע ציטערט אַלע זענען דאָרט, אַלע. צו וואָס דאַרף איך ליב האָבן ? איך האָב אַ ווייב מיט קינדער... שטילער, לאָז הערן...

מ ש ה : אָט איז לאה. איר זעט זי שטייט צוזאַמען מיט לעוויטן.

ש מ ו ר ל אַ הידערהאָלט, קוים איינהאַלטנדיק די טרערן די נעמען פון די געשטאָרבענע יוסף בן יעקב, אברהם בן יעקב, יצחק בן הירש-צבי, דבורה בת משה, משה בן יוסף, אי, אי, דו ווייסט ווער עס איז געווען; משה בן יוסף ? אי, אי.., דאָס איז דאָך משה גזרעליק, דער פעלדשער, וועלכן מ׳האָט געהרגעט... אויפן גאַס אויפן גאַס, ווען ער האָט... מ׳האָט אים געהרגעט עליו-השלום!

מ ש ה: וואָס?

ש מ ו ר ל אַ : יאָ, יאָ. אויפגערעגט משהלע, מיין האַרץ, זאָג זיי, זאָג דעם טאַטן, זאָג זיי אַלע, זיי זאָלן מיך אַזוי נישט שעלטן. דערנאָך, זאָג זיי עס, ווען זיי וועלן שוין זיין ווייט, ווײַטער זאָלסטו גאָרנישט זאָגן, גוט זאָלן זיי מיך פאַרשעלטן, ביך, טייוול שמורלאַ, נאָר נישט מיינע קינדער! מיינע קינדער זאָלן זיי נישט שעלטן, מיינע קינדער זענען נישט שולדיק... כאַפּט אונטער אמן.

משה: איך קאָן זיי נישט זאָגן.

שמורלאַ: פאַר דערפאַר וועל איך פאַר זיי גאָט בעטן... צום יאָרצייט וועל איך שטעקן אַ ליכט. עס זאָל זיי גוט זיין דאָרט, אויפן נייעם אָרט... איך וועל דאַוונען זונטיק... נאָר זיי זאָלן נישט שעלטן מיינע קינדער. וואָס האָבן זיי מיינע קינדער געטון? זיי וועלן זיין אינזשיניערן, דאָקטוירים... גענע-ראַלן. יאָ גענעראַלן. זאָגט נאָך „יהי שם כבודו.״

משה: זיי פליען, פליען, און אַנדערע שטייען אָפּ באַלד אין אָנהייב, אָבער פון מ׳דקייט—ווייל זיי ווייסן, אַז זיי וועלן סיי-ווי-סיי גיך מיד ווערן, פליט אָן אונז, או! זייט געזונט שמורלאַ, או!

שמורלאַ: דו גייסט אַוועק, משהנקע? גיי, וואָס וועט דיר שאַטן, אַז דו וועסט דאַוונען, אויב דו ווייסט אַפילו נישט, צי ער, דאָרטן אין דער הויך הערט, אָדער נישט? זאָג, גאַנץ איינפאַך... אמן! אָבער וועגן מיר שווייג, דו האָסט דאָך אַליין געזען! האָט דען עמיצער געגעבן טייערער׳

משה: מ׳האָט מיר צוריקגעשיקט די פּאַפּירן, דאָס איז אָבער אַ קליינ׳קייט.

שמורלאַ: געוויס, געוויס! דו וועסט נישט פאַרפאַלן ווערן, דו האָסט אַ ליכטיקן קאָפּ: מרדכי בערמאַנס אַ זון. נאָר שמדן זאָלסטו זיך נישט. דו הערסט, אַפּיקורס? ניין, דו וועסט עס נישט טון, דו וועסט בלייבן אַ ייד. מיין גוט יינגל, גאָלדן קעפּעלע.

משה: זייט געזונט. אָפּ.

שמורלאַ קוקט אים נאָך: זיי געזונט... גאָט איז מיט דיר... זאָג זיי, אַז ...וואוהין? נישט אין דער זייט, משהלע, וואָס טוט ער? וואָס טוט ער עס? שרייט אין דער זייט פון בית-עולם בערמאַן קום אַהער געשווינדער, וואָס טוט ער? פאַרמאַכט די אויגן און פאַר-שטאָפּט די אויערן גוט אַזוי, גוט. ער וועט נישט זיין קיין אינ-זשיניער... קיין גענעראַל... עפנט די אויגן, קוקט וואָס טוט ער? הער אויף... מאַכט מיט די הענט הער אוי... בערמאַן! רב מרדכי! בלייבט ווי פאַרגליווערט. די ווערטער: שמע ישראל ה׳ אלהינו, ה׳ אחד! --

מ׳הערט אַ סאָס נאַריש יינגל... גאָלדן יינגל... מ׳האָט אויפגעהערט צו דאַווענען, דער חזן זאָגט מיט אַ הויכער שטימע „קדיש״. קלאָגנדע שטימען פון פרויען און מענער ענטפערן אים. שמורלאַ איז נישט אומשטאַנד זיך צו רירן פון אָרט, מורמלט שטיל. פון יענער זײַט פּאַרקאַן קומען בערמאַן מיט דעם ווײַב.

**שמורלאַ:** אייער זון... משהלע... אייער זון...

די אַלטע לאָזן זיך אַראָפּ אומגעכטיק אויף די אַלטע שטיינער פון דער בית־עולמס וואַנט, מ׳הערט דאָס דאַווענען העכער.

פאָרהאַנג